פערלאג די „יודישע ביהנע".

# בֶּן הַדּוֹר

היסטארישע אָפּערעטאַ אין 4 אַקטען

פון פּראָפעסאָר

י. האָראָוויטץ.

מוזיק פון פערעלמוטער עט וואהל.

פּיעטרקוב -- תרס"ז

БЕНЪ ГАДОЙРЪ

Оперета въ 4-хъ дѣйствіяхъ.

Соч. Профессора И. Горовича.

Типографія М. Цедербаума въ г. Петроковѣ.

פערלאג די „יודישע ביהנע״.

# בֶּן הַדּוֹר

היסטאָרישע אָפּערעטאַ אין 4 אַקטען

פון פּראָפעסאָר

י. האָראָוויטץ.

מוזיק פון פערעלמוטער עט וואהל.

פיעטרקוב--תרס״ז

**БЕНЪ ГАДОЙРЪ**

Оперета въ 4-хъ дѣйствіяхъ.

Соч. Професора И. Горовича.

Типографія М. Цедербаума въ г. Петроковѣ.

# פּערזאָנען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| שלמון בן עמיאל | | קעניג פון חבור | 50 | יאָהר אַלט |
| צפורה | | זיין פרוי געגען | 40 | " " |
| בן הדור | | זייער זוהן | 24 | " " |
| חנון | (שלמונ'ס ברודער) | קעניג אין חימה | 40 | " " |
| עלמות | | זיין טאָכטער | 20 | " " |
| רחמה | | קאַמער-מיידעל ביי עלמות | 18 | " " |
| לפּידות | | הויף-דיענער. אַ שכור | 30 | " " |
| צרויה | | זיין פרוי | 30 | " " |

**אָמון** פאָלקס אַנפיהרער; פריהר ביי שלמון, שפּעטער ביי חנון, געגען 60 יאָהר.

מיליטערויסטען. הענקער, 2 פערברעכער, פישער מיידלעך און פאָלק.







# ערשטער אקט.

(שטעלט פאר א פרייער פלאץ. 2 ברענענדע שייטער הויפען זענען פארבערייט צום פערברענען די פערברעכער. דערנעבען שטעהען די 2 פערברעכער אין ווייסען געקליידעט. ארום זיי: די הענקער אין רויטען און גייסטליכע אין ווייסען געקליידעט. דער פלאץ איז בעוואכט פון מיליטעריסטען. און דער מיט שטעהט אמון געקליידעט אלס אנפיהרער פון מיליטער. פון ביידע זייטען שטעהען דאס פאלק פערשיעדען מארגענלענדיש געקליידעט. דאס פאלק ווייזט א׳נ׳אונצופריעדענהייט פון דעם אורטהייל.)

## כאר.

אל רחום וחנון! שיק א דיינע קינדער פון דער נויט!
מיר בעטען דיך אלע: רעטע דיינע קינדער פון דעם טויט!
אונשולדיג זענען זיי אצינד.
מיר אלע בעטען: רעכען קיין אלטע זינד.
אונשולדיג זענען זיי אצינד!
רעטע דיינע קינדער פון דעם טויט!
אל רחום וחנון!
שיק א דיינע קינדער פון דער נויט!
מיר בעטען דיך אלע: רעטע זיי פון דעם טויט!
פון דעם טויט!

**אמון:** (האַלט אַ ראָלקע אין האַנד) ליעבע ברידער און טאַפּפערע קריעגער פון חימה און חבור! הערט אויס דעם בעפעהל פון אייער קעניג חנון!

(פריעדען־געשריי צווישען די מיליטעריסטען, און אונצופריעדענהייט צווישען פאָלק)

**אמון:** (עפענט די ראָלקע און לעזט) איך, חנון, דער גרויסער הערשער פון אַראַביען, דער קעניג פון חימה און חבור...

(מורמלען צווישען פאָלק)

**מיליטעריסטען:** שאַ! רעספּעקט פאַר דעם קעניגס מאַניפעסט!

(דאָס פאָלק שטומט)

**אמון:** (לעזט ווייטער) גיעב אַרויס דעם פאָלגענדען מאַניפעסט: גאָט איז מיין עדות אַז נישט איך בין שולדיג אין דעם טויט פון אייער געוועזענעם קעניג, מיין ברודער שלמון...

(דאָס פאָלק רייסט איבער זיין לעזען מיט אונצופריעדענעס מורמלען און דאָס מיליטער שטילט זיי איין).

**אמון:** (לעזט ווייטער) איך און מיין ברודער, אייער געוועזענער קעניג, האָבען מיר צוזאַמען געקעמפּפט ווי די העלדען. אויפ'ן שלאַכט־פעלד געגען די אַראַביער פון באַגדאַד, און גאָט האָט אונז געהאָלפען, מיר האָבען זיי בעזיעגט. אָבער ליידער, איז באַלד דערנאָך שלמון פערלוירען געגאַנגען! און מיר האָבען אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט וואו ער איז אַהין געקומען. איך ווייס אַז אַ טהייל פון פאָלק האָבען אויף מיר פערדאַכט געהאַט. יעצט אָבער מיין פאָלק! איז מיר געלונגען צו ענטדעקען די צוויי מערדער וועלכע האָבען זיין בלוט פערגאָסען (מורמלען צווישען פאָלק ווי פריהר) און די זאָלען אויף מיין בעפעהל פערברענט ווערען. און דאָס היילינגע פייער וועט פערניכטען דעם פערדאַכט וואָס איז אויף מיר געפאַלען און וועט אָבוואַשען און ריינינגען זייערע זינדיגע נשמות! אַזוי בעפעהלט אייער קעניג חנון בן עמיאל פון חימה.



(אַ'נ'אויפרודער צווישען פאָלק אַלע שרייען)

**פאָלק:** זיי זענען אונשולדיג! אונשולדיג!

**מיליטעריסטען:** רעספּעקט פאַר'ן קעניגס מאַניפעסט!

**אמון:** הענקער אייער פפליכט! (דאָס פאָלק שרייט, איז דאַגעגען און עס הערט זיך אַ שטימע אונטער די קאָליסען)

**אמון:** עס הערט זיך אַ שטימע! האַלט! לאָמיר וואַרטען און זעהען ווער דאָרט איז. (ער קוקט אַרויס) אַ'נ'אַלטער מאַן אָפּשר דאַרף ער דאָס נישט וויסען! (צו די מיליטעריסטען) פערבאָרגט די פערברעכער! (דאָס מיליטער פערשטעלט זיי)

**שלמון:** (פערשטעלט אַלס בעטלער. קומט אַריין זינגענד:) וואָס זענט איהר אַזוי שטיל געבליעבען? האָב איך אייך אפשר אייער שמחה פערשטעהרט? איז היינט אַ יום־טוב אין חבור?.. אַ יאָ! מיר דאַכט, ווען איך האָב קיין טעות נישט, איז היינט דער געבורטס־טאָג פון אייער קעניג שלמון. היינט דאַכט מיר ווערד ער אַלט 50 יאָהר.

**אמון:** (צו זיך) יאָ! ריכטיג 50 יאָהר. היינט ל"ג בעומר, מיט 50 יאָהר צוריק איז אונזער אונגליקליכער קעניג געבוירען געוואָרען (צו שלמון) ווי עס שיינט ביסט דו אַ פריינד פון אונזער גאָטזעליגען קעניג שלמון בן עמיאל, און עס טהוט מיר לייד דיר מיט צו טהיילען די טרויריגע נאַכריכט: אַז דער קעניג שלמון איז שוין לאַנג טויט און דאָ זענען די צוויי פערברעכער וועלכע האָבען פערגאָסען זיין היילינג בלוט. און לויט דעם בעפעהל פון אונזער נייעם קעניג, ווערען זיי יעצט אומגעבראַכט!

**שלמון:** עס איז זעהר פיין פון אייער קעניג. אָבער לאָזט מיך זעהען די מערדער!

**אמון:** זאָלען די מערדער פאָרטרעטען! (מען פיהרט פאָר די פערברעכער און שלמון בעטראַכט זיי)

**שלמון:** (לאַכט ביטער) און ד י זענען ביי אייך קעניגס־מערדער!

האַ האַ האַ! איך שווער אייך ביי גאָט אַז נישט זיי! —
זיי זעהען גאָר נישט אוים ווי קיין מערדער.

אמון: דו שווערסט ביי גאָט?

שלמון: יאָ! איך שווער. אין מיין לעבען האָב איך נאָך קיינ־
מאָל נישט פאַלש געשוואָהרען!.. און אַז איהר ווילט,
מיינע ליבע, קאָנט איהר עס אייך באַלד איבערצייגען...

אמון: איבערצייגען? ווי אַזוי דען?

שלמון: האָט איהר פערגעסען דעם אַלטען יודישען מנהג?

אמון: וואָס מיינסט דו, אַלטער?

שלמון: פאָלק פון חבור! איך האָב מיטלייד מיט אייך מיין
פאָלק! ליידער האָט איהר שוין פערגעסען אייערע אַלטע
מנהגים!... אַלזוי הערט מיך: ווען אַ מענש איז פון אַ מענשען
אַלס פערברעכער פעראורטהיילט געוואָרען און דער פער־
אורטהיילטער איז דאַגעגען געוועהן זיין משפט, פלעגט מען
איהם ערלויבען זיין אונשולד צו בעווייזען, מיט דעם: וואָס
ער וועט ביי גאָט אויסבעטען רעגען, צום פערלעשען
דאָס פייער אויף׳ן שייטערהויפען. ער פלעגט צו בעטען
תפילת־הגשם. און ווען גאָט האָט זיין געבעט צו געהערט
און האָט אַ רעגען אַראָב געשיקט, האָט עס געהייסען: אַז
גאָט וואָס איז אַ יודע מחשבות בעווייזט אַז דער פער־
אורטהיילטער איז אונשולדיג...

אמון: ביסט גרעכט, אַלטער. איך געדענק עס. און זאָל עס
אויך אַצינד געשעהן! (צו די פערברעכער:) איהר פעראור־
טהיילטע! איהר האָט דאָס רעכט, פריי צו בעטען תפלת
הגשם. און ווען איהר זענט ווירקליך אונשולדיג, וועט גאָט
אַראָב שיקען אַ רעגען און איהר וועט פריי ווערען. איהר
קאָנט די תפלה אַליין מתפלל זיין אָדער אויסוועהלען
איינעם פון דעם פאָלק.

פון פאָלק: זאָל דער אַלטער פאַר זיי מתפלל זיין.

אמון: עהרווירדיגער גרייז! די פעראורטהיילטע וועהלען דיך



אוים: זאָלסט פאַר זיי מתפלל זיין. פיהלסט דו דיך גענוג
קרעפטיג דאַצו?

שלמון: יאָ. דאָך זאָל דאָס פאָלק מיט מיר מיט בעטען

אמון: הזקן מתחיל בתפלה.

פאָלק: מיר בעטען דיך אָ גאָט:
העלף אונז פון דער נאָט!
מיר דיינע קינדער;
בעטען דיך אַצינדער:
שיק אונז דיין זעגען
און אַביסעלע רעגען!

שלמון: בעוויַיז גאָט דיין גבורה,
ווי דו האָסט שוין בעוויזען אַ מאָל:

פאָלק: דיינע קינדער ישראל!

שלמון: זכיר הנולד:
געדענק אונז דו גרויסער גאָט
פון אברהם יצחק ויעקב
און אונזער תפלה בעטען מיר, קשוב!

פאָלק: שיק אונז דיין ברכה והצלחה,
וועט זיין שיר ושבחה.

שלמון: רבונו של עולם! דו הערר פון דער וועלט,
מיר בעטען דיך, רעגען גיך שיק פון דיין געצעלט
מיר זאָלען ניצול ווערען פון ביטערען טויט!
שמע ישראל ד׳ אחד!

פאָלק: שיק אונז דיין ברכה והצלחה,
וועט זיין שיר ושבחה,

שלמון: אוי אוי! בעבורו אל...
אוי אוי! אל תמנע מים!
בעוויַיז אונז געשווינדער:
בצדקו חון חשרת מים! (דאָס פאָלק ווידערהאָלט)

שלמון: בעוויַיז אונז דיין גבורה (ווי אויבען, ביז שיר ושבחה)

מַשִׁיב הָרוּחַ וּמוֹרִיד הַגֶּשֶׁם! (עֶס דונערט בליצט און רעגענט)

**פאלק:** (טאַנצט פאַר שמחה).

לברכה ולא לקללה.
פרעהליך וועלען מיר זיין, אלע קינדער פון ישראל,
טאַנצען וועלען מיר גערן, אַלע אָהן אַ צאָהל;
זינגט, שפּרינגט, אַלע יודען מיט אַ מאָל,
זייט נאָר פרעהליך, גאָר אָהן אַ צאָהל.
פרעהליך זיין, פרעהליך זיין, אַלע אָהן אַ צאָהל,
פרעהליך וועלען מיר זיין, אַלע קינדער פון ישראל.
טענצעלעך וועלען מיר גערן, אַלע אָהן אַ צאָהל,
לויבט אַלע, לויבט אַלע. אונזער גרויסען גאָט.

(עס רעגענט שטאַרק אמון הייסט בעפרייען די פערברעכער. עס געשוהט)

**פאלק:** (מיט פריידען געשריי)

פריי! פריי! אונשולדיג! אונשולדיג!

(פון אונטער די קאָליסען הערט זיך טראָמפּעטען שאַל)

**אמון:** דער קעניג קומט!

**שלמון:** (צו זיך) איך האָב מורא ער זאָל מיך נישט דערקענען; (צו אָמון) עהרווירדיגער מאַן איך פיהל מיך זעהר מיעד און שוואך. קאָנסט דו מיר פיליייכט אָנווייזען אַ שטיקעל אָרט וואו זיך אָב צו רוהען, איך זאָל כח האָבען ווייטער צו וואַנדערען?

**אמון:** זעה אַלטער: דאָ נישט וויים איז מיין געצעלט, געה, די אונשולדיגע וועלען עס דיר אָנווייזען (צו זיי) געהט מיט! מען וועט דיך שען אויף־נעמען, וועסטו דיך אויסרוהען.

**שלמון:** (אָבגעהענד) איך דאַנק דיר פאַר דיין חסד! (אַלע דריי אָב).

(חנון מיט זיין וואך קומען אריין)

**אמון:** האָך לעבע דער קעניג חנון!

**מיליטעריסטיין:** האָך! האָך! דעם קעניג.

**כאָר.** האָך לעבע דער קעניג חנון,
חנון דער מעכטיגער העלד,
זיי געזונד,
אימער געזונד,
דו העלדישער קריגער,
דו ביסט אונזער זיעגער!
יאָ נאָר ער איז אונזער זיעגער
האך לעבע, האָך לעבע, האָך!



**חנון:** איז מיין בעפעהל שוין ערפולט? האָט מען די פערברעכער שוין פערברענט?

**אמון:** דער שופט־צדק האָט דיין בעפעהל צוריק גערופען; דורך הימעלס־וואונדער איז זייער אונשולד בעוויזען געוואָרען.

**חנון:** (בעז) וואָס? אַזוי בעהויפּטען מיינע אונטערטאַהנען, אין מיין געגענווארט? זאָג! ווער האָט עס געוואַגט מיין בעפעהל ווידער צו שפּרעכען?

**אמון:** גאָטעס שטימע האָט עס גערעד צום פאָלק דורך דונער און בליץ.

**חנון:** ווער האָט עס בעוועגט דאָס פאָלק צו געהאָרכען דיזע שטימע? דו, אָמון?

**אמון:** ניין קעניג, נישט איך. עס איז געוועהן אַ'נ'אַלטער בעטלער, וועלכער האָט דאָס פאָלק ערינערט אין זייער אַלטען מנהג. און אויף זיין געבעט האָט גאָט דעם רעגען געשיקט.

**חנון:** וואו איז ער, דער בעטלער? שוין זאָל מען איהם אַהער ברענגען! און וואָס עס האָט געזאָלט טרעפען די מערדער זאָל מיט איהם געשעהן!

**אמון:** עס איז געוועהן אַ שליח פון גאָט, מיין קעניג!

**חנון:** אַ בעטריגער!

**אמון:** אַ'נ' איש אֱלֹהים!

**חנון:** אַ ניכטס־ווירדיגער!

**אמון:** אַ נביא!

**חנון:** וויִם!.. אין מײַן פאָלק האָט עס געוואַגט מיר וויִדער צו שפּרעכען? נו... גוט! גערט איך אַלע אַוועק פון דאַנען!

**אלע:** (אָבגעהענד) די פאָלקס שטימע איז גאָטעס שטימע! (אָב)

**חנון:** אמון! בלײַב דאָ! (אמון גערט צוריק) זאָג מיר: פערדין איך דעם האַס וואָס דאָס פאָלק טראָגט אויף מיר? וואָס טהו איך דען נישט אום מיט זיי אין פריעדען צו לעבען? באַלד ווי אײַער אַלטער קעניג איז ערמאָרדעט געוואָרען, בין איך געוועהן דער ערשטער, וואָס האָב פאָרגעלעגט אַז דער פּרינץ בן־הדור זאָל מיט מיר צוזאַמען פיהרען דאָס קעניגרײַך. אָבער ער האָט זיך ענטזאַגט און נאָך מעהר: ער פעראײניגט זיך מיט אונזערע פײַנד געגען אונז אויף־צו שטעהען! דאַן האָב איך געוואָלט הײַראַטהען די קעניגין צפורה און האָב געוואָלט די הערשאַפט מיט איהר זיך טהײַלען, אָבער אויך זי האָט מײַן אַנטראַג צוריק געוויזען. שוין 10 יאָהר אַז זי זיצט געפאַנגען אין אַלטען קעניגליכען שלאָס און נאָך ווילינט זי נישט אײן מײַן פרוי צו ווערען! אָבער דער מעכטיגער קעניג חנון ווערט נישט לאָזען פון זיך חוזק מאַכען! האָב איך רעכט, אמון?

**אמון:** איך וויל האָפען אַז דער קעניג וועט זײַן אַ שופט־צדק און וועט מיט חסד זײַן טראָהן בעציִערען...

**חנון:** אָבער ווער איז דאָס דער בעטלער וועלכער האָט דאָס פאָלק אויף־גערייצט געגען זײַער קעניג?

**אמון:** (קוקט אַרויס) אָט קומט ער! לאָז דער קעניג אַליין מיט איהם רעדען.

(שלמון קומט אַרײַן)

**חנון:** נישט איך, נאָר מײַן שווערד וועט מיט איהם רעדען! (ער ציהט זײַן שווערד געגען שלמון, ער קוקט איהם שטאַרק אין די אויגען, ער ציהט זיך שרעקענד צוריק און זעצט אַרײַן לאַנגזאַם צוריק די שווערד אין איהר שייד אַרײַן) אַך זײַן



געשטאַלט ערריִנערט מיר דעם גײַסט פון מײַן ברודער! (פייזע) דאָך, זאָל עס זײַן ווער עס וויל ער דאַרף נישט לעבען!.. זאָג נאָר אַלטער, ווער ביסטו?

**שלמון:** דער קעניג פון חבור!

**חנון:** (ערש־אָקען) דער קעניג פון חבור? (אויך אָמון ערשרעקט)

**שלמון:** נו, וואָס האָט איהר אײַך אַזוי דערשראָקען? נישט פאַר יעדען קעניג דאַרף מען מורא האָבען... איך בין דער קעניג פון די בעטלער. אַראַביען איז בערוהמט מיט זײַנע בעטלער און איך בין זײַער קעניג.

**חנון:** (בערוהיגט) ביסט דו דער בעטלער־קעניג? און וואָס טהוסטו דאָ?

**שלמון:** איך בין געקומען אויסבעטען דאָס לעבען פון צוויי אונשולדיגע מענשען.

**חנון:** דאָס איז פאַר אַ בעטלער אַ צו גרויס פערלאַנגען!

**שלמון:** איך בין דאָך אָבער דער ק ע נ י ג פון די בעטלער.

**חנון:** און ווער האָט דיך געמאַכט, פאַר זײַער קעניג?

**שלמון:** דער קעניג אַלער קעניגע.

**חנון:** (מיט פערבאָרגענעם באָזהאַפט). אַלטער! דו האָסט חן אין מײַנע אויגען און איך ערלויבע דיר שטענדיג צו קומען אין מײַן קעניגליכען פּאַלאַץ. אַלץ וואָס וועט אָבפאַלען פון מײַן טיש זאָל קײן אַנדערן נאָר דיר אַליין געהערען!

**שלמון:** נײן! איך בעטעל נישט פאַר זיך אַליין... איך בעטעל נאָר שטענדיג פאַר מײַן פאָלק!..

**חנון:** און דו אַליין פון וואָס לעבסטו?

**שלמון:** זיבעצעהן יאָהר שוין לעב איך אויף אַ נ'איִנזעל נאָר פון בלויז בעטען און האָפען...

**חנון:** (קוקט איהם פערדעכטיג אָן) גענוג!... אָמון! איך בעפעהל אַז דער אַלטער זאָל געבראַכט ווערען אין מײַן קעניגס־שלאָס נאָך חימה. מיט דער ערשטער שיף זאָל מען איהם אַהין ברענגען! לעב וואָהל אַלטער! און פערלויף פון דרײַ

טאַגען וויל איך דיך אין מײַן שלאָס זעהען. לעב וואָהל אָמון! איך פערלאַנג פּינקטליכע ערפולונג! (אָב געהענד, בײַ זײַטע) דער אַלטער קומט מיר זעהר פערדעכטיג פאָר! ער מוז צוזאַמען מיט דער שיף פערברענט ווערען! (אָב)

**אמון:** (וועלכער האָט די גאַנצע צײַט זיך אײַנגעהערט זײַער רעדע און בעמערקט דעם אַלטענס יעדע בעוועגונג איז ענדליך צו:) ניין! ניין! לענגער האַלט איך עס נישט אויס! מײַנע אויגען זענען נישט זיכער, אָבער מײַן הערץ זאָגט מיר אויף זיכער אַז דו ביסט מײַן קעניג שלמון בן עמיאל!... (ער קניעט).

**שלמון:** (העבט איהם אויף) נישט לאַנג ערשט ביזטו אַזוי געלעגען פאַר יענעם טיראַן, וואָס איז זיכער אַז ער האָט אײַער קעניג ערמאָרדעט, וועלכער האַלט אײַער קעניגין בײַ זיך געפאַנגען און וועלכער האָט שוין נישט איינמאָל געוואָלט אײַער קרוין-פּרינץ בן הדור ערמאָרדען.

**אמון:** אָבער ווי קונסטפאָל, מײַן קעניג, דו האָסט זיך פערמאַסקירט! עס איז דיך אונמעגליך צו דערקענען. און וואָס איז דאָס, אײגענטליך, מיט דיר געשעהן? קאָנסטו עס, קעניג, דײַן טרײַען קנעכט ענטדעקען?

**שלמון:** איך ווייס, אָמון, דו ביסט מיר טרײַ... איך ווייס עס פון לאַנג, אַלזוי הער: מיט 17 יאָהר צוריק, ווען איך בין זיגעס-פול צוריק פון דער מלחמה, געגען די אַראַבער, אין באַגדאַד, און בין צוזאַמען מיט מײַן דאַמאַלס פער-טרויעטען ברודער, חנון, אין איין שיף געפאָהרען, האָט ער מיך, אונערבאַרמונג, אין מיטען מעער אַרויס גע-וואָרפען פון דער שיף. אָבער דורך גאָטעס וואונדער האָב איך מיך געפונען אַם צווייטען טאָג אויף אַ ווילדע אינזעל. דאָרט האָב איך פערבראַכט 17 יאָהר. ווי אַזוי איך האָב דאָרט געלעבט? קענסטו דערקענען אין מײַן אויסזעהען... פאַר איינינע טעג האָב איך דערזעהען אַ קויפמענישע שיף



פאָראיבער געהן, און אין גאָטעס נאָמען האָב איך מיך אַרײַן געוואָרפען אין די גרויסע וועלען און זיי האָבען מיך אַהין געטראָגען לעבעדיג צו דער שיף. און אָט זעהסטו מיך דאָ: אַלט, פערווילדעט, אָבער איך לעב! הערסט אָמון? איך לעב! און דו אָמון טהו דעם מערדערס בעפעהל, און ברענג מיך אין זײַן פּאַלאַץ. אַלס בעטלער וועל איך קומען אין זײַן הויז אָבער אַלס קעניג וועל איך פון איהם ראַכע נעמען! קום אָמון אין גאָטעס נאָמען. טויט דעם קעניגס-מערדער! קום, לאָמיר רעטען די קעניגין צפורה און דעם פּרינץ בן הדור! (ביידע אָב לינקס. לפידות קומט אָן פון רעכטס)

**לפידות:** בנאמנות שלי, ווי איך בין אַ יוד דאַצו, עס איז אַ געשעפט. (קוקט זיך אַרום און רופט) קום אַרײַן יונגערמאַן! האָב קיין מורא נישט עס איז קיינער נישטאָ! (בן הדור קומט אַרײַן פערשטעלט אַלס פישער) זעץ דיך אַנידער און ערקלער מיר נאָך אַמאָל: ווי אַזוי האָסטו ערמאָרדעט דעם פּרינץ בן הדור? בנאמנות שלי, ווי איך בין אַ יוד דאַצו אַז עס איז אַ געשעפט. דאָ קען אַרויס אַפּאָר שענע מטבעות אַחוץ כבוד וגדולה...

**בן הדור:** (געקליידעט אַלס פישער און פערשטעלט מיט אַ בערדעל) הער מיך אויס לפידות! איך בין אַ פישער געזעלען, און האָב געהערט צווישען מײַן חברה דערצעהלען אַז דער קעניג האָט אויסגעזעצט אַ פּרייז פון 1000 דרכי זהב, פאַר דעם וואָס וועט ערמאָרדען דעם פּרינץ.

**לפידות:** בנאמנות שלי, ווי איך בין אַ יוד דאַצו, דערצעהל ווײַטער! עס איז אַ געשעפט!

**בן הדור:** איינמאָל פאָהרענדיג מיט מײַן שיפעל פיש כאַפּען, האָב איך דערזעהען ווי אַ יונגערמאַן דרעהט זיך בײַ'ם ברעג און רופט מיך איך זאָל צו איהם אַריבער קומען. איין שפּרונג מיט מײַן שיפעל און איך בין שוין נעבען

איהם. זאָגט ער צו מיר: וויפיעל ווילסטו זאָלסט מיך אַריבער פיהרען מיט דיין שיפעל נאָך חימה? איך וויל זאָגט ער דעם קעניג זעהען. און פון אַ וואָרט צו אַ וואָרט בין איך ערפאַהרען אַז ער איז דאָס דער פרינץ בן הדור און אַז ער וויל דעם קעניג טויטען, און זיין מוטער פון געפענגעניס בעפרייען. איך האָב נישט לאַנג געקלערט און מיט איין שטויס האָב איך איהם מיט מיין דאָלק זיין ברוסט אַדורך געשטאָכען. אַלץ וואָס ער האָט בּיי זיך געהאַט האָב איך צו גענומען און דעם טויטען קערפּער זיינעם האָב איך אין וואַסער אַריין געשליידערט.

לפידות: בנאמנות שלי, ווי איך בין אַ יוד דאַצו. אַ גוט געשעפט. די פישעלעך וועלען זיך אויס פאַשען מיט פרינצען-פלייש... יאָ, אָבער מיט וואָס וועסטו דאָס קענען דעם קעניג איבערצייגען?

בן הדור: צווישען די זאַכען וואָס איך האָב ביי איהם געפינען איז אויך געוועהן אַ מעדאַליאָן מיט זיין בילד. (ווייזט דאָס מעדאַליאָן) אָט! נו, דערקענסט איהם?

לפידות: (בעטראַכט דאָס מעדאַליאָן) בנאמנות שלי ווי איך בין אַ יוד דאַצו, אַז דאָס איז ער מיט די ביינער. זאָג זשע מיר נאָר מיין ליבער פישער לעבען, וואָס זשע ווילסטו אייגענטליך?

בן הדור: זאָלסט מיך פאָרשטעלען פאַר דעם קעניג.

לפידות: בנאמנות שלי ווי איך בין אַ יוד דאַצו, דו ביסט גאָר קיין נאַר נישט... גוט. און וואָס וועל איך האָבען דאַפון?

בן הדור: די טויזענד דרכי זהב וואָס דער קעניג וועט געבען, וועלען געהערען צו דיר.

לפידות: און וואָס וועסטו דאַפון האָבען?

בן הדור: איך וויל נאָר דעם כבוד און די מצוה.

לפידות: בנאמנות שלי ווי איך בין אַ יוד דאַצו, אַז ער איז



אַ טהייערער פרייער. אַ שען פנים קאָן ער האָבען פון מצות מיט כבוד... נאָר אויך מיין דאַגה. דער קעניג דאַרף די טעג צוריק קומען פון באַגדאַד וועסטו קומען צום פּאַלאַץ וועל איך דיך פאַר איהם פאָרשטעלען. דערווייל וואַרט דאָ אויס. איך לויף ברענגען אַביסעל ווייַן, וועלען מיר טרינקען לחיים צום נייעם געשעפט. בנאמנות שלי, ווי איך בין אַ יוד דאַצו. (אב)

בן הדור: גאָט! העלף מיר מיין פּלאַן אויס צו פיהרען! העלף מיר איך זאָל מיך קאָנען נוקם זיין פאַר מיין פאָטערס אונשולדיגע בלוט! און איך זאָל קאָנען מיין מוטער בעפרייען! גאָט שטעה מיר ביי!

(פויזע) איך בין זיכער אין גאָטס הילף איך זעה עס גליקט מיר אין יעדער זאַך, אויך די שענע פישערין האָט מיר צו געזאָגט בייהילפיג צו זיין איך זאָל האָבען צו טריט אין פּאַלאַץ און איך בין זיכער אַז איך וועל מיין צוועק ערגרייכען... (זינגט)

## I.

דאָרט אין הימעל זעה איך שטענדיג,
קליינע שטערענדליך, ליכטיג אָהן אַ שיעור,
און איינעם זעה איך זעהר ווייַנענדיג,
וואָס קוקט טרויעריג אַראָב צו מיר...
אָ שטערענדל זאָג מיר, פון דער ווייט:
וואָס בעדייט, אָ! דיין טרויערקייט?
דו שטערענדיל קליינס איך פרעג עס דיר:
וואָס איז מיין צוקונפט? זאָג עס מיר!
צו וועל איך בעגליקען, אָדער ניין?
איך פרעג עס ביי דיר מיט גרויס געוויין!
„שרעק גאָר נישט, ס'וועט דיר זיין גוט!" —
ענטפערט מיר דאָס שטערענדל פון דער ווייט —
„פערליער קיין מוטה, זיי נאָר בערוהט,
איך וועל דיך העלפען צו יעדער צייט!"

II.

פלוצלונג דערזעה איך דעם הימעל שפאלטענדיג,
א'נ'ערשיינונג צו מיר זיך בעווייזט,
און צוויי מלאכים'לעך דארט צו האלטענדיג,
האב איך דערזעהען מיין פאטערס גייסט.
א שטימע האב איך אויך געהערט:
„נעם ראבע! ער האט עס די ווערטה.
„ערמארדעט דיין פאטער האט חנין,
„געפאנגען דיין מוטער האט דער טיראן!
„גאט וועט דיך העלפען, מיין ליעב קינד,
„ראבע צו נעמען פון איהם געשווינד,
„פערשווייג נאר נישט דיין פאטערס בלוט! —
האט דער גייסט געברילט צו מיר פון ווייט —
„ראבע נעם! פערליער קיין מוט,
„איך וועל דיך העלפען צו יעדער צייט!
(אב).

לפידות: (שכור מיט א קריגעל וויין) זייט מיר מוחל יונגערמאן, איך האב געהאט א קריגעל וויין אין שטוב, איז עס... (ער קוקט זיך אום) וואו איז ער ערגעץ אהין געקומען? ער איז גאר נישטא! (זוכט איהם) פערלוירען געווארען ווי אין וואסער אריין! (נייגט אויס דאס קריגעל) אויך נישטא?! אויך אויסגעטריקענט געווארען? מילא דער יונגערמאן האט פיס איז ער אוועק געגאנגען, אבער וואו איז אהין געקומען דער וויין פון דעם קריגעל?.. הא?.. א איך דערמאן מיך... געהענדיג אויפ'ן וועג האט זיך דער וויין אויס געגאסען, אמת... בנאמנות שלי, ווי איך בין א יוד דאצו אז אויס צו גיסען וויין איז גאר נישט קיין שלעכט געשעפט... אבער טאקע נאר אין מויל אריין... בנאמנות שלי ווי איך בין א יוד דאצו. (זינגט)



1

דאס ביסעלע וויין איז זעהר גוט,
עס שטארקט און ווארעמט אויף דאס בלוט.
מען ווערד נאכדעם א'נ'אנדערער ווי פריהר...
און ס'וויל אויבעט כאפען אריין,
דער אנדערער מענש א ביסעל וויין
און איך טרינק פאר יענעם, אויך פאר מיר..
איך טרינק מיר אן ווי א טאטע
און פאל אניעדער ווי א פערד...
איך האב די וועלט אין דער פיאטע
און אויך מיין ווייבעלע טיעף אין ד'ר'ערד!
(רעפריין) א ביסעלע וויין,
זאל אימער זיין,
ס'איז זעהר פיין
אז מ'קנאקט אריין,
דאן האט מען גאר רוה!
בנאמנות שלי, ווי איך בין א יוד דאצו!

2

מיין משפחה איז געוועזען גרויס,
איך קום פון יחסנים ארויס:
רבנים גאונים, גרויסע טרינקער אויך;
זיי זענען טויט שוין אוי א קלאג!
ד'האב יאהרצייטען אלע טאג,
און איך מאך א קנאק אז עס געהט א רויך.
פאר די טהייערע נשמות
און זייערע גרייז גראע בערד...
און איך זיפ אהן רחמנות
און האב זיי אלע טיעף אין ד'ר'ערד!

(רעפריין)

א ביסעלע ווייַן א. ז. וו.

---

3

א שוויַגער האָב איך אַמאָל געהאַט ;
איך בין געווען מיט איהר שטענדיג בלאַט..
און פון איין פלאַש האָבען געזיפּט זי און איך.
דעם ווייַן האָב איך געבראַכט
און פערבייַסען האָט זי געמאַכט,
נאָר אַוועק איז זי פון דער וועלט צו גיך!
איך וואָלט בעדאַרפט קריעה רייַסען,
אוי אַ'נ'אונגליק איז מיר באַשערט:
איך מוז הייַנט טרינקען אָהן פערבייַסען,
און איך האָב מייַן שוויגער טיעף אין דרערד!

(רעפריין)

א ביסעלע ווייַן א. ז. וו.

---

4

איך בין געוועהן אַמאָל אַ קנעכט,
בייַ אַ גביר, אַ פעטען העכט.
און ער פלעגט די קנעכט צו דריקען:
זיי האָבען געאַרבייט טאָג און נאַכט
און קוים האָט איינער נאָר ערוואַכט...
פלעגט ער איהם באַלד דערשטיקען...
נאָר איך בין געוועזען פלינק
און אַ מיטעל האָב איך דערקלערט:
געטהון האָב איך ווייַן אַ טרינק,
און געהאַט איהם טיעף אין ד'ר'ערד!

(רעפריין)

א ביסעלע ווייַן א. ז. וו.

---



5

מייַן הערר איז אייזען שטאַרק
אַ בויך מיט אַ פעסטען קאַרק
און אייזערנע הענד אַז ס'איז אַ שרעק
פרעסט מענשען-פלייש אויפן פוד
און טרינקט נאָר מענשען-בלוט
און מאַכט פון זייַן לאַנד אַ'נ'עק...
אויך זייַנע לאַפּעטוטען,
הערשען נאָר מיט דער שווערד...
עס וועט זיי גאָרנישט גראָטהען
מען האָט זיי אַלע טיעף אין ד'ר'ערד...

(רעפריין)

א ביסעלע ווייַן א. ז. וו.

(רחמה קומט אַריין)

---

**רחמה:** צפרא טבא! דעם אַלטען לפּידות.

**לפּידות:** אַ גוט מאָרגען דיר כשרה מלומדת. וואָס האָסטו דיך הייַנט אַזוי שען אויסגעפּוצט?

**רחמה:** אונזער פּרינצעסין עלמות האָט הייַנט איינגעלאַדען אַלע מיידלעך פון הימה צו דעם פיש-פאַנג, נו זאָל רחמהלע נישט מיט זייַן?

**לפּידות:** זעהר שען. זאָג מיר נאָר, רחמהלע, אפשר וואָלסטו אויך מיך געכאַפּט אין דייַן נעטץ?

**רחמה:** איך מיין: איידער צו כאַפּען אַזאַ אַלטען גרויען פיש וואָס שמעקט שוין נאָך דער ערד, איז בעסער צו פאַנגען אַ יונג פישעלע, אַ גאָלדענס, עס זאָל זיין אַ מחיה אָנצוקוקען. און אויף דיר, פעטער, וועל איך דערצעהלען דער מומען אַז דו מאַכסט ליבעס ערקלערונגען יונגע מיידלעך, וועט זי דיר מיט די נעגעל אָבקראַצען די ליסקעס פון

דײַן פּנים, װעסט דו אויסזעהען װי אַ'נ'אָב'געשעלטער
הערינג! פערשטעהסט?

לפידות: עה... דו װעסט עס מיר נישט טהון. דו װילסט דאָך
איך זאָל דיר געבען מײַן זוהן פאַר אַ חתן.

רחמה: דו דאַרפסט מיר נישט געבען. איך האָב מיר איהם
שוין אַלײַן גענומען. די חיות אין װאַלד, די פעגעל אויף
די בעמער, די שטערען אויפ'ן הימעל און די פיש אין
װאַסער, זענען עדות אַז מיר האָבען זיך ליעבע צו גע-
שװאָהרען...

לפידות: איך װעל איהם מיט געװאַלט פון דיר אַװעק רײַסען.

רחמה: דאָס װעסטו אַפילו נישט קענען!.. אַז דו װעסט קענען
מיט פלאַמען אויסלעשען פײַער, מיט אַ נעץ אויף האַלטען
דעם װינד, און מיט אַ האַק צו שפּאַלטען דאָס װאַסער
דאַמאָלס װעסטו אויך קענען פון מיר רחמיאליקען אַװעק נעמען.

לפידות: רחמה'לע! פאַר דעם משל ביסטו װערט איך זאָל דיר
געבען אַ קוש. (זי אַנטלויפט, ער לויפט איהר נאָך און עס
קומט איהם אַקעגען צרויה) מײַן טהײַער װײַבעלע! איך האָב
דיר געװאָלט שיקען מיט אונזער רחמהלען אַ פּאָר קיש.
נאָר אַזוי װי דו ביזט אַלײַן אָנגעקומען װעל איך זײ דיר
אַלײַן אָבגעבען. (ער װיל זי קושען זי גיעט איהם 2 פּעטש)

צרויה: זעהסטו? איך האָב מיך אַלײַן מטריח געװעהן און האָב
דיר אַהער געבראַכט צװײ פּעטש און װיש דיר אָב דאָס
מויל און שװײַג. און דיר רחמהלע װעל איך גאָר נישט
טהון; איך װעל נאָר דערצעהלען רחמיאליקען.

רחמה: אָ װאַ! װאָס װעסטו דערצעהלען? אַז איך האָב זײַן
טאַטען געקושט, װעל איך דערצעהלען אַז דו האָסט זײַן
טאַטען געפּאַטשט...

צרויה: פּאַטשען דאַרף מען אַלע מענער, עס איז גאָר נישטאָ
אַזוי פיעל פּעטש װיפיעל די מענער פערדיענען.

רחמה: און איך זאָג אַז אײדער צו פּאַטשען זיך מיט װײַבלעך



איז בעסער צו לעבען מיט זײ װי די טײַבלעך. (געזאַנג)

צרויה: איך זאָג: אַז אַ יעדער מאַן
איז אַ שרעקליכער טיראַן.
פאַלש זענט איהר אויף שריט און טריט
אוי מענער, מענער געװאַלט איהר זענט ניט גוט!

לפידות: איך זאָג: אַ גוט װײַב איז אַ גליק;
אַ גוט װײַב איז גאָר אַ'נ'אַנטיק.
אָבער אַז דאָס װײַב גלעט אין באַק
אוי טרעפען זאָל איהר שוין אַ שלאַק!

רחמה: און איך זאָג: אַז פּאַטשען און שלאָגען זיך איז נישט גלײַך;
עס איז נישט שען גאָר דאָס צו זעהן;
מענער און װײַבלעך מוזען לעבען װי טײַבלײַך.
זאָגט אַלײַן בין איך גערעכט צו גײן?

לפידות, צרויה: יאָ, רחמלה, דו האָסט רעכט
יאָ נשמה'לע דו זאָגסט ניט שלעכט;
דו ביסט מײַן אײדעלע, אַ קלוג מײדעלע.
מיר װעלען פאָלגען װאָס דו זאָגסט...

רחמה: יאָ אַ ודאי האָב איך רעכט
יאָ אַ ודאי, איך זאָג ניט שלעכט
מענער און װײַבלעך לעבען װי די טײַבלעך
איז דאָך שען און פײַן.

לפידות, צרויה: יאָ אַ ודאי דו האָסט רעכט
יאָ אַודאַי דו זאָגסט ניט שלעכט
מענער און װײַבלעך לעבען װי די טײַבלעך
איז דאָך שען און פײַן!

(טאַרצעט)

רחמה: יאָ אַ ודאי האָב איך רעכט
יאָ אַ ודאי איך זאָג ניט שלעכט
מענער און װײַבלעך לעבען װי די טײַבלעך
איז דאָך שען און פײַן!

(טאַנצען אָב. פאָרהאַנג.)

## פערוואנדלונג

(דער הונטער גרינד ווייזט הימעל און וואסער, לינקס זעהט זיך א טהורעם, באר פון פישער מיידלעך, א טאנץ, עלמות פון רעכטס.

**באר:** ווי שען איז דער וואסער-פאל, וואסער-פאל.
נעמט די רודער אין די הענד,
רודערט נאר ווי פיעל איהר קענט.
ווי שען איז דער פישער-פאנג,
בעלעבט איהם, שוועסטער, מיט געזאנג!

**עלמות:** (זינגט אונטער די קאליסען און קומט אן אויף א שיפעל)
מיין הארץ איז נאר ביי דיר
טרוי בלייב זשע אויך מיר
ליעבער א! הערע צו
שוועבע ענגעל הערונטער דא
איך ערווארטע דיך מעהר ווי א שעה!
איך ווייס דו ביסט אוף עוויג מיר טריי
אין אלע געפאהרען שטעה איך דיר ביי.
מיין הערץ א, ציהט זיך נאר צו דיר,
קום זשע געליעבטער, קום שנעל צו מיר!
שנעלער צו דיינע עלמות
איך בלייב דיר אויף עוויג נאר טריי!

(עלמות און רחמה געהען ארונטער, די פישער מיידלעך טאנצען ארום איהר. און נאכהער זאגט זי):

**עלמות:** שוועסטער! מיר ערווארטען יעדע מינוט, ער זאל צוריק קעהרן פון דער קריעג און איך וויל די ערשטע איהם עמפפאנגען, דארום בעט איך אייך איהר זאלט אייך אביסעל צוריק ציהען און שפעטער וועלען מיר אלע צוזאמען איהם אקעגען געהן. (די פישער מיידלעך טאנצען אב) אצינד בין איך אליין. דאך מיינע געדאנקען, מיין אלעס געהער נאר דיר מיין געליעבטער. ווען די וועלען צארנדיג רוישען, ווען די שיפען ליארעמען אים



לויפען, הער איך אלץ דיין שטימע נאר אליין.
(בן הדור קומט אן געקליידעט אלס פישער אבער אהן א בארד)

**בן הדור:** טהייערער ענגעל, דו ערווארטסט מיך! זיי מיר טויזענד מאל געגריסט! (זיי אומארמען זיך).

**עלמות:** פאר וואס האסטו מיך געלאזט אזו לאנג ווארטען? מיין טהייערער. דו ווייסט דאך אז דאס ארעמע פישער מיידעל האט קיין אנדערע פריידע נישט נאר ווען איהר פישער יונגע איז מיט איהר צוזאמען...

**בן הדור:** טרייע זעעלע דו ועפסט מיר פערצייהען! איך מוז דיר יעצט א געהיימניס ענטדעקען. איך האב דיך גענארט...

**עלמות:** עס איז גאר נישטא אויף דער וועלט א זאך וואס איך זאל דיר נישט פערצייהען.

**בן הדור:** זיי וויסען, טהייערע עלמות! אז איך בין נישט דער איינפאכער פישער געזעלען, ווי איך האב מיך פאר דיר פארגעשטעלט... איך בין... דער פרינץ בן הדור און אלס פרינץ בעט איך דיין האנד!

**עלמות:** (צו זיך) פרינץ בן הדור! (צו איהם) און דו ליעבסט מיך? מיך א'נ'ארעמעס פישער מיידעל?

**בן הדור:** די ליעבע ווייסט פון קיין קרוינען. די ליעבע זעהט נאר דאס הערץ, און קיין בעסערעס ווי דו האסט, האב איך נאך אין מיין לעבען ניט געזעהן.

**עלמות:** א'נ'ארעמעס הערץ!

**בן הדור:** גענוג רייך איז עס ווען עס איז גאנץ, נישט צובראכען ווי מיינס! הער, עלמות: א טיראן וועלכער רופט זיך „קעניג פון חימה" האט ערמארדעט מיין פאטער, מיין מוטער האט ער געפאנגען און זוכט נאך אויך מיך אום צו ברענגען!

**עלמות:** (ערשראקען) עס קאן נישט וואהר זיין, פרינץ!

**בן הדור:** ליידער איז עס וואהר!.. אבער נישט דערלעבען וועט ער דאס... איך וועל מיך פריהר אין איהם נוקם זיין..

עלמות: פרינץ! האָב מיטלייד מיט דער אָרעמער עלמות! לאָז
צורוה! דיין לעבען איז אין געפאהר!

בן הדור: עס גיבט קיין זאך אויף דער וועלט, וואס זאל ביי
מיר הייליגער זיין ווי די נקמה אין דעם טיראַן.

עלמות: אויך נישט דיין געליעבטע עלמות?

בן הדור: דו דאַרפסט מיך נישט צוריק האלטען, ווען דו
ליעבסט מיך.

עלמות: ווען דו זאָלסט מיך אפילו דורך דעם טעטען?

בן הדור: איך פערשטעה דיך נישט!

עלמות: איך וואָלט עס דיר ערקלערען, אָבער דו וועסט מיך
פערהאַסען!

בן הדור: קיין זאך אין דער וועלט איז נישט אומשטאַנד צו
שוועכען מיין ליעבע צו דיר.

עלמות: ווען איך זאָל אויך זיין זיינס אַ פריינדין?

בן הדור: זאָגאַר אַ טאָכטער...

עלמות: שווער זשע מיר צו אז דו בלייבסט מיינע אויף עוויג.

בן הדור: איך שווער עס דיר! (זינגען)

עלמות: דו שווערסט, דו שווערסט, איך הער,
טאָ וואס זשע דאַרף איך מעהר;
איך קאָן שוין רוהיג זיין,
איך ווייס דו ביסט שוין מיין
פאָהר דיר פאָהר ווי גיך
נאָר האַלט מיין הארץ מיט זיך
און געדענק נאָר שטעטס דאַביי:
אַז איך בלייב דיר עוויג טריי.

ביידע: מיינע געדאַנקען — ווען איך בין אַליין —
געהערען נאָר דיך געליעבטער מיין;
אַם שענעם פריה־מאָרגען ווען די זאָננע שטראַהלט
ביי נאַכט אַז דער מאָנד מיט זילבער מאַהלט
דאַן דענק איך נאָר אַן דיך אַליין



געליעבטער (געליעבטע) מיין

בן הדור: ביי טאָג, ווען דער שטויב, אין דער לופט נאָר טאַנצט;
ביי נאַכט, ווען דער מאָנד איבערן שאָטען גלאַנצט.
זעה איך דיך נאָר אַליין
געליעבטע מיין.

עלמות: ווען די וועלען ווי צאָרניג רוישען

בן הדור: און די שיפער נאָך דעם ווינד לוישען.

ביידע: זעה איך דיך אַליין.
געליעבטער מיין.
מעגסט זיין פון מיך ענטפערען
וויט, הויך איבער די שטערען
בין איך נאָר ביי דיר, געליעבטער מיין,
טהייערער געליעבטער בלייבסט עוויג מיין
דו בלייבסט נאָר מיין,
איך בלייב נאָר דיין! (אומארמען זיך)

צרויה: (קומט ארויין צו לויפען) געוואַלט! ראַטעוועט! אַ שיף
ברענט אויפ'ן ים! אַ'נ'אַלטער מאַן איז צו געבונדען צום
מאַסט בוים! רעטעט איהם! (בן הדור און עלמות לויפען
זעהען)

בן הדור: יאָ איך זעה מען מוז איהם רעטען! (לויפט אויף דעם שיפעל)

עלמות: איך מוז איהם צו הילפע קומען (ביידע אַב מיט'ן שיפעל)

צרויה: (זייער נאָכקוקענד) גאָט! זיי זאָלען איהם נאָר דער־ראַטעווען!
אַ זיי זעגען ארויף אויף דער שיף! זיי בינדען איהם אָב!
(פון אונטער די קאָליטען הערט זיך געשרייען און קנאַקען פון
פייער, באַלד קומט אָן אַ שיף. שלמון צו געבונדען צו מאַסט־
בוים בן הדור און עלמות שניידען איבער די שטריק, כאַפען
אַראָב דעם אַלטען פיהרען איהם ארויף אויף דער ביהנע אַלע דריי
ראַטעווען איהם, ער קרעכצט. באַלד דאַרויף עקספּלאָדירט דער
קעסעל עס שיסט פייער און איסקרעס)

פאָרהאַנג.

# ענדע 1 אקט.

# צווייטער אַקט.

(שטעלט פאָר אַ גאָרטען. לינקס חנון'ס פּאַלאַץ, רעכטס אַ שלאָס וואו עס זיצט געפאַנגען די קעניגין צפורה. פון ביידע זייטען בוימער און דער מיטט אַ טויבען-שלאַג. שלמון זיצט אַן דער זייט, אויף אַ גראָז באַנק, און זינגט.)

איך וואַהר אין סכנות,
האָט רחמנות,
ווער עס האָט ישרנות.
העלפט מיר אויס אין דער נויט!
אַ בעטלער נישט פון געבוירען;
איך בין עס נאָר געוואָרען!
ווער וואָלט עס גאָר דענקען:
אַז מיר זאָל מען דאַרפען שענקען
צום עסען אַ שטיקעלע ברויט!
אָ גרויס איז מיין נויט!
ווייט פון דעם לעבען,
ווייט פון דעם שטרעבען,
ווייט אויף אַ'נ'אינזעל בין איך געוועהן,
אויף דער ערד געזעסען, דערנער געגעסען
קיין לעבעדיגען מענשען האָב איך נישט געזעהן!
איך וואַר באַלד פערפאַלען!
נאָר דער גאָט פון אַלען,
האָט מיר געהאָלפען, אַ נס איז געשעהן.
העלפט מיר מענשען, אָ גוטע מענשען!
אין מיין פיין
לאָזט אין אַ שטוב צו אייך מיך אַריין.
גיעבט מיין שוועבען גרויען קאָפּ אַ שטיקעל אָרט,
בעלוינען וועט מען עס אייך פון דאָרט...



שענקט אַ נדבה זיין וועט איהר רייך
נישט קיין וואָהלטאָג ביי אייך!
איך וואַהר אין סכנות! (ביז: „גרויס איז מיין נויט).

דאָרט אין דעם שלאָס איז מיין קעניגין געפאַנגען, און דער ברודער-מערדער זיצט אויף דעם טראָן! אָ ראַכע! פירכטערליכע ראַכע וויל איך האָבען, די גאַנצע ראַכע פון דעם אל קנא ונוקם וועל איך אַראָב רייסען פון הימעל און אויף זיין קאָפּ שלײַדערען. יאָ אויף דיין קאָפּ, חנון! דו שענדליכער טיראַן!

**עלמות:** (קומט אָן פון פּאַלאַץ) אַלטער! דאָ אויף דעם געפעהרליכען אָרט? הער מיך אויס, אַלטער! איך האָב דיר דיין לעבען גערעטעט און דערפאַר איז עס ביי מיר טהייער, איך בעט דיך: מייד אויס דעם פּלאַץ! דאָ איז דיין לעבען קיין איין אויגענבליק נישט זיכער!

**שלמון:** פאַר מיין לעבען האָב איך קיין מורא נישט, דען וואָס פאַר אַ ווערטה קאָן האָבען דאָס לעבען פון אַזאַ אַלטען בעטלער ווי איך בין? דאָך דיר צו ליעב דו זאָלסט דיך נישט ערגערן געה איך אַוועק פון דאַנען. אָבער איך זאָג דיר נישט צו איך זאָל מעהר נישט קומען...

**עלמות:** אויף מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען. נאָר דערווייל, בעט איך דיך זאָלסט פון דאַנען אַוועק געהן!

**שלמון:** איך וועל געהן, נאָר גיעב מיר, איך בעט דיך מיט דיין ברכה אויף דעם וועג.

**עלמות:** ווען די ברכה פון אַ קינד האָט ביי דיר אַ ווערטה וועל איך זי דיר נישט פערווייגערן. קום אַלטער! איך ווינש דיר אַז אויף אַלע דיינע וועגען זאָל דיר גאָט ביי שטעהן! (ביידע אָב).

(רחמה קומט אָן פון פּאַלאַץ)

**רחמה:** פּרינצעסין! פּרינצעסין עלמות! (צו זיך) זי איז אַזוי שטאַרק פערטיעפט מיט דעם אַלטען בעטלער, אַז זי

האט גאר נישט ווי איך רוף זי. עס איז איהר גאר גישט צו פערשטעהן. וואו נאר א בעטלער, וואו נאר א קבצן, וואו נאר א דלות איז איהר גוטער ברודער... האט זי דערזעהען א פישער יונג, א דלות, האט זי זיך אין איהם פערליבט איבער די אויערען, און צייט דער יונגער דלות איז פערשוואונדען געווארען האט זי זיך ווידער אב געזיכט א'נ'אלטען בעטלער און האלט איהם אין איין נאכלויפען. מיר דאכט זיך: ווען איך זאל זיין א פרינצעסין וואלטען אזאלכע בעטלער נישט דערלעבט מיין שוועל איבער צו טרעטען... נאר ווי אזוי ווערד מען א פרינצעסין? אוי געוואלט איך וויל זיין א פרינצעסין!

(זי זינגט)

---

1.

ווען איך זאל ווערען א פרינצעסין,
פון דער העלער הויט.
וואלט איך טאג און נאכט געגעסען,
בארשט פון זויער קרויט.
א גאנצען טאג נאר געטאנצט געשפרינגען,
פרעהליך וואלט איך זיין;
ראזשענקעס וואלט איך געשלינגען,
וויפיעל עס קאן ארייַן;
געטרינקען וואלט איך עפעל־קוואס,
א גאנצען קריג א טאג.
איהר מעגט מיר גלויבען, איך מאך קיין שפאס,
ס'איז אמת וואס איך זאג.
איך קאן דאס אבער נאר דערלעבען,
ווען איך זאל א פרינצעסין זיין
אוי א פרינצעסין, איהר מעגט מיר גלעבען
איז זעהר שען און פיין!

---



2.

ווען איך זאל ווערען א פרינצעסין,
אין דעם אויגענבליק:
וואלט איך באלד זיך גוט איינפרעסען:
די טאליע מיט א שטריק;
איך וואלט מיך קליידען פיין און שען:
אין סאמעט און אין זייד;
מיט רויטע סטענגעס וואלט איך געהן,
מ'זאל מיך זעהען פון ווי ווייט;
און פעדערן וואלט איך מיך פערציערען,
און געטראגען זיך פערשייט;
ארום געלאפען וואלט איך שפאצירען:
מיט די שענסטע יונגע־לייט.
אוי די אלע זאכען כ'לעבען,
זענען זעהר פיין;
איך קאן דאס אבער נאר דער לעבען,
כ'זאל א פרינצעסין זיין!

(לפידות קומט אן)

לפידות: מיין טהייער קעלבעלע! וואס האלסטו אין איין שרייען: פרינצעסין?

רחמה: איך האב זי ליעב.

לפידות: וועמען זשע האסטו ליעבער? איהר, צי דאס יונגע גאלדענע פישעלע?.. געדענקסט נאך וואס דו האסט מיר נעכטען געזאגט?

רחמה: אבער א מחותן דארף נישט וויסען פון ליעבע.

לפידות: זאג זשע מיר רחמלה: איך בין דאך זיין טאטע, וועל איך אויך דיינער ווערען?

רחמה: זאלסט זיין אליין וואלט איך דיר זאגען...

לפידות: (קוקט זיך ארום) איך זעה דאך קיינעם נישט ארום זיך...

רחמה: וויל דיין גוטער ברודער האט דיר די אויגען פערשטעלט...

**לפידות:** דו מיינסט אודאי אז איך בין שכור? (עס הערט זיך חנון׳ס קול) אָ דער קעניג קומט! געה געשווינד אוועק פון דאַנען. איך דאַרף עפּעס מיט איהם רעדען. עס איז אַ סוד פאַר דיר.

**רחמה:** (צו זיך) איז עס אַ סוד דאַרף איך טאַקע וויסען. (צו איהם) גוט, גוט, איך געה! (זי בעהאַלט זיך אונטער׳ן בוים).

(חנון קומט אָן פון פּאַלאַץ).

**חנון:** ביסט דאָ לפידות? וואו זשע איז דער שקלאַווע? איך וואָלט עס וועלען פון איהם אַליין הערען!

**לפידות:** אַז לפידות זאָגט, איז געזאָגט, אָט וועט ער באַלד קומען. איך האָב איהם בעשטעלט, ער וואַרט דאָרט אונטערן טויער. (ער שרייט אַרויס) גראָבער פישער יונג! קום אַריין! (בן הדור מיט דער באָרד) גרויסער קעניג! דאָ איז דער פישער וועלכער האָט עס מיר דערצעהלט.

**חנון:** לפידות! געה! לאָז אונז אַליין.

**לפידות:** געהן? איז געהן! איך קאָן טאַקע אויף די פיס נישט שטעהן. (געהט אָב).

**חנון:** זיי מיר ווילקאָמען טאַפּפערער העלד! פון היינט אָן ביסטו מעהר קיין שקלאַווע. איך שענק דיר די פרייהייט.

**בן הדור:** די פרייהייט ביים געבוירענעם שקלאַווען שפּיעלט אַ קליינע ראָלע. די פרייהייט האָט נאָר אַ ווערטה ביי דעם וואָס ווייסט זי צו שעצען. איך האָף אונז ערוואַרט פון דיר אַ בעסערען לוין...

**חנון:** און דו וועסט עס בעקומען. נאָר דערצעהל מיר פריהער ווי אַזוי האָסטו דעם פּרינץ ערמאָרדעט?

**בן הדור:** גאַנץ איינפאַך: גאַנצע דריי מאָנאַטען האָב איך איהם נאָך שפּיאָנירט. און נאָך שווערער מיה און פיעל אַרבייט איז עס מיר געלונגען צו פאַקען איהם. מיט קונצען בין איך ערפאַהרען פון איהם אַז ער האָט זיך פערשוואָהרען דיך מיין קעניג צו טויטען, אַז ער ערוואַרטעט דיין



אַנקונפט ביים מעער אום דיין טהייערעס לעבען צו רויבען.
און אַזוי האָב איך איהם אָבגעהיט אויף שריט און טריט,
ביז איך בין איהם ענדליך איבערפאַלען און איין שטוים...
און מיין דאָלך האָט אין זיין ברוסט געשטעקט. מיט
אַ לעווען שטימע האָט ער אוים געשריען: חנון, חנון! דו
געמיינער ניעדעריגער שופט! מערדער פון מיין פאָטער!
פייניגער פון מיין מוטער! איך וויים אַז דו האָסט גוט
בעצאָהלט פאַר מיין טויט! אָבער וואַרט דו באַנדיט!
דאָס אונשולדיגע בלוט וועט פון דיר ראַכע נעמען!
און מיט די ווערטער איז ער געפאַלען טויט. איך האָב
ביי איהם אַרונטער גענומען דאָס מעדאַליאָן (ווייזט עס)
און זיין טויטען קערפּער האָב איך אַריין געוואָרפען
אין וואַסער.

**חנון:** זעהר גוט, זעהר גוט האָסטו געטהון, און דו בעקומסט דערפאַר מיין טאָכטער אַלס פרוי.

**בן הדור:** איך דאַנק דיר גענעדיגער קעניג! שפּאַס נישט פון אַ נ׳אָרעמען שקלאַווען.

**חנון:** קיין שפּאַס! פערגעס דיין געבורט! פון היינט אָן ביסטו אַ פּרינץ און דאָס דאַרפסטו געדענקען.

**בן הדור:** איך וועל מיך מיה געבען דיין בעפעהל צו ערפולען, און איך האָף אַז איך וועל מיך קענען האַלטען ווי אַ פּרינץ.

**חנון:** אַלזוי טהייערער פּרינץ! הער וואָס איך פערלאַנג פון דיר: צפורה די מוטער פון דעם ערמאָרדעטען פּרינץ זיצט אין מיין שלאָס געפאַנגען. געה צו איהר און שטעל דיך פאָר אַלס פריינד פון איהר פערשטאָרבענעם זוהן. זאָג איהר אַז דו ביסט געוועהן ביי זיין אָבשטאַרבען און אַז זיין לעצטער וואונש איז געוועהן אַז זיין מוטער זאָל מיך הייראַטהען, אום עס זאָל אין לאַנד צוריק קעהרען גליק און פריעדען.

**בן הדור:** איך זאָל געהן צו דער קעניגין ?.. (פויזע) צו דיין בעפעהל קעניג ! און וואו איז זי ?

**חנון:** פאָרלייפיג געה אין מיין פּאַלאַץ. לפידות וועט דיך איבער קליידען אַלס פּרינץ און שפּעטער וועל איך זי הייסען אַרום פיהרען צו דיר.

**בן הדור:** מעכטיגער קעניג ! זיי זיכער אַז איך וועל קיין מאָל נישט פערגעסען מיין שטאַם... און וואָס דו האָסט אין מיר געטהון. און וועל נאָר שטענדיג טראַכטען צו בעלוינען דיר פאַר דיין טהאַט... איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען אַז איך בין אַ פּרינץ און ווי אַ פּרינץ וועל איך מיט אַלעמען האַנדלען. (אָב אין פּאַלאַץ)

**חנון:** שווער איז די קעניגליכע קרוין ! מען מוז ציטערען פאַר יעדע פאָלקס-בעוועגונג... ליידער אָבער צוריק צו כאַפּען איז שוין צו שפּעט ! דער פּרינץ בן הדור איז טויט !.. ראַכע וועט דאָס אונשולדיגע בלוט פון מיר פאָדערען !.. דאָס פאָלק ווערד וואָס אַמאָל מעהר אויפגעבראָכען !... וואָס האָב איך געטהון ? צו וואָס ? צו וועם ?.. וואָלט איך כאָטש קענען מיין צוועק אויספיהרען... אָבער זי איז נאָך מעהר אַיינגעשפּאַרט ווי מיין ברודער איז געוועהן... איך בערייהע עס ! אָבער פערפאַלן ! צוריק כאַפּען איז שווער !... וואָלט איך כאָטש קענען די קעניגין אין מיין נעץ כאַפּען ! ווען זי זאָל מיין זיין, זי זאָל מיט מיר הייראַטהען, וואָלט אויך דאָס פאָלק איינשטימען !.. (פויזע) יאָ ! אַזוי מוז עס זיין ! אַלץ וועל איך אָנווענדען און זי מוז מיינע זיין. זי מוז און וועט מיינע בלייבען ! ביז אין בלוט וועל איך געהן און פון מיינע הענד וועל איך זי נישט אַרויס לאָזען. (ער לויפט אָב ערגעגט אין פּאַלאַץ אַריין)

(עלמות קומט אָן פון דער טיעף פון גאָרטען)

**עלמות:** (פערצוגט) גאָט איז מיין עדות, איך וואָלט איהר נישט וועלען ברענגען אַזאַ שלעכטע נאַכריכט ! זי קאָן נאָך פאַר



צייט קראַנק ווערען ! אַ רחמנות אויף דער עדעלע פרוי !.. אָבער מיין פאָטער ! ער בעפעהלט עס מיר... און איך מוז... איך ציטער פאַר איהם ! (צפורה קומט אָן פון שלאָס) אָ, קעניגין !

**צפורה:** וואָס ביסט דו אַזוי טרויריג עדעלע פּרינצעסין ? דו ציטערסט דאָך אינגאַנצען !

**עלמות:** אָ עדעלע קעניגין !

**צפורה:** זאָג פּרינצעסין. איך בין אויף אַלעם געפאַסט !

**עלמות:** שלעכטע קעניגין ! זעהר אַ ביטערע נאַכריכט האָב איך דיר געבראַכט. אונזער פּרינץ ! אונזער בן הדור איז טויט !

**צפורה:** בן הדור ! מיין איינציגע טרייסט, איז טויט !... גאָט ! וואָס האָסטו געהאַט צו דעם אונשולדיגען, עהרליכען קינד !... אָ ! מיינע צרות זענען נישט ערטרעגליך !... (פויזע) זאָג מיר מיין טהייערע עלמות, האָסט איהם געקענט ?

**עלמות:** יאָ, קעניגין ! איך האָב איהם געקענט... זעהר גוט געקענט... איך האָב איהם געליעבט... מיר האָבען זיך ביידע געליעבט...

**צפורה:** קינד ! וואָס רעדסטו ? ווען האָסטו איהם געזעהען ?

**עלמות:** אַלס פישער געזעלען האָב איך איהם דערקענט און זיך אין איהם פערליעבט און אַלס פערשטעלטער פּרינץ בן הדור האָבען מיר זיך ליעבע און טרייע געשוואָהרען, אָבער ליידער איז ער מיר פערהוילען געוואָרען שוין אַ צייט אַהער און דאָ צייט איינינע טעג, איז געקומען אַ ריכטיגער פישער-יונג מיט דער ביטערע נאַכריכט אַז ער אַליין האָט איהם ערמאָרדעט ! מיין רחמה האָט עס אַליין געהערט פון זיין מויל. אָ קעניגין ! איך בין אונגליקליך ! (זי וויינט)

**צפורה:** (שטאַרקט זיך) מיר זענען ביידע אונגליקליך ! זעהר אונגליקליך ! געגען גאָט אָבער טהאָר מען נישט מהרהר זיין. ער איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט ! אדני נתן ואדני לקח יהי שם אדני מבורך !

**עלמות:** דו קאָנסט דיך פּאַסען, קעניגין!... איך אָבער בין שוואַך! גאָט איז מײַן עדות אַז מיט זײַן טויט האָט ער אויך מײַן לעבען צו גענומען! איך האָב פערלוירען מײַן ענגעל! מײַן גאָט! מײַן אַלעס! אָ קעניגין! מוטער!

(פאַלען איינס אויף דאָס אַנדערע ווײַנענד. נאָך אַ פויזע)

**צפורה:** ווײַנען, מײַן קינד, שאַדט נישט. טרערען ערלײַכטערען די שמערצען... (צרויה קומט אַרײַן)

**צרויה:** אָ מײַן אונגליק איז אָהן אַ גרענעץ! דער מאָרד שרײַט ביז גאָט! (צפורה ווײַנט)

**עלמות:** פערצײַהע קעניגין! איך וואָלט עס דיר נישט ערצעהלען, אָבער איך זאָג עס דיר פריהער, עהדער דער קעניג קומט אַהער... אפשר דאַרפסטו עס וויסען...

**צפורה:** דער קעניג! ווער וואַגט עס זיך אין מײַן געגענוואַרט קעניג צו רופען?

**עלמות:** איך מײַן מײַן פאָטער! פאַר איהם ציטערט הײַנט יעדער איינער!

**צרויה:** פילע דיענסטען ציטערען פאַר איהם.., איך דאַגעגען, זעהט איהר, כאָטש איך בין אַ שוואַכע אשה, דאָך ציטערע איך נישט. איך וואָלט איהם אינגאַנצען מוחל זײַן ער זאָל אַהער קומען.

**צפורה:** ער זאָל מײַן שוועל נישט איבערטרעטען!

**צרויה:** איך וועל איהם די אויגען אויס קראַצען!

**עלמות:** מיט דײַן שלעכט בעהאַנדלען איהם, וועסטו איהם נאָך מעהר אויף־רייצען!

**צרויה:** נו ווער פרעגט דען נאָך איהם? לאָז איהם די גאַל צו שפּרינגען ווערען!

**צפורה:** וואָס קאָן ער מיר דען נאָך מעהר טהון, ווי ער טהוט מיר? ערמאָרדען, ווי מײַן מאַן און מײַן קינד? אדרבה זאָל ער עס טהון! איך ערוואַרטע שוין די מינוט, עס זאָל שוין אַ נ'ענדע זײַן צו מײַן לעבען און מײַנע ליידען!



**צרויה:** (קוקט אַרויס) געשווינד, פּרינצעסין! דער קעניג קומט! קומט לאָמיר אַוועק געהן!

**עלמות:** קעניגין! ערבאַרעמע דיך אויף דײַן לעבען, דער פאָטער קומט! (צרויה און עלמות געהען אָב אין גאָרטען טיעף).

**צפורה:** ער קומט? דער מערדער! אָ גאָט, העלף מיר! שטעה מיר בײַ!

(חנון קומט אַרײַן פון פּאַלאַץ, געהט צו צו צפורה'ן פערנײַגענד.)

**חנון:** הײל און גליק דער גרויסער קעניגין! דער זיעגער פון באַגדאַד לעגט יעצט פאַר דײַנע פיס אַלע זײַנע לאָרבער קרענצע צו זאַמען מיט זײַן ליעבע צו דיר. אַלע פעלקער וועלכע איך האָב בעזיעגט שיקען דײַן מאַיעסטעט אַ גרוס דורך מיך.

**פורה:** איך האָב מיט דער וועלט מעהר גאָרנישט צו טהון! צײַט מײַן מאַן איז געשטאָרבען, איז אויך די גאַנצע וועלט פאַר מיר אָבגעשטאָרבען! איך קאָן דײַן ליעבע נישט אַנטגעגען קומען. זיך דיר אויס אַ נ'אַנדערע, אַ גליקליכערע פון מיר.

**חנון:** דײַן עדעל־מוטה, דײַן ערהאָבענער גייסט מאַכט דיר העכער פון אַלע ווײַבער דער וועלט. אָ שענע צפורה! איך בעט דיך פערגעס נישט אַז איך בין הערשער! איך קאָן און וויל און דו מוזט מײַנע זײַן!

**צפורה:** צווינגען ווילסטו מיך? האָסט דיך פערליעבט אין מײַן שענהײַט? אָ חנין! אַ מאַרמור בילד קאָן פיעל שענער זײַן ווי איך, און וואָלסט עס פיליײַכט אויך גיכער קענען בעלעבען, ווי מײַן האַרץ ערוואַרמען. (זי קניעט) זעה די קעניגין צפורה פאַלט פאַר דײַנע פיס. (העבט זיך שנעל אויף) ניין, ניין! אַ קעניגין דאַרף נישט קניען (פאַנטאַזירט) אָ פערצײַהע מיר שלמון! איך בין די זעלבע ווי געוועזען, קוק מיך נישט אָן מיט אַזאַלכע בעזע אויגען!...

**חנון:** אונדאַנקבאַרע! איז דאָס דער לוין דערפאַר וואָס איך זוך דײַן פריִעדען?

**צפורה:** (איראָניש) פריִעדען? דו און פריִעדען! טריפט דען נישט דײַן שווערד מיט אונשולדיג בלוט! האָסטו נישט אויסגעשלאַכטעט די אַלע וואָס האָבען בעווײַנט מײַן מאַנס טויט! און דעם אַלטען עהרליכען אָמון, ווער האָט ערמאָרדעט? אָ דו פרעכער! דו טיראַן! אַוועק געה פון דאַנעט! אַוועק מערדער!

**חנון:** (ציהט זײַן שווערד) שטיל דו פערברעכערין! איך בין קעניג! (העבט זײַן שווערד איבער איהר, און זעצט זי באַלד צוריק) אָבער ניין! איך קאָן נישט! דײַן שענהייט, צפורה! ציִנד אין מיר אָן ליבעס פײַער! אָבער לעשט אויך אויס מײַן פײַערדיגען צאָרן! זײַ רוהיג! עס וועט דיר קיין שלעכטס נישט געשעהן, מײַן האַרץ איז דײַן!

**צפורה:** (איראָניש) דײַן האַרץ! האַ האַ האַ! אַ טיראַנישעס הערץ! אָ! וואו נעם איך אַ דאָלך דײַן טיראַנישעס הערץ דורך צו באָהרען! מערדער! ווער האָט דען בעוואָהגען צום פרישען מאָרד ווען נישט דו? (חנון רוקט זיך צוריק ציטערענד) דו ציטערסט! דײַנע בעזע געוויסען פלאָגען דיך! שעם דיך קליין מענשעלע! ווי נידעריג זעהסט דו אויס אין מײַנע אויגען! (ער דרעהט זיך אום פון איהר). דו ווענדעסט דײַנע אויגען פון מיר אַוועק! זאָג טיראַן. ווער האָט דעם מערדער געדינגען? ווער האָט דעם שקלאַווען בעצאָהלט פאַר דעם שענדליכען מאָרד? ווער? נישט דו אַליין, האַ?

**חנון:** בעצאָהלט, אָבער נישט געדונגען, און נישט בעפוילען! איך האָב נישט געוואוסט! מען האָט עס מיר בענאַכריכטעט אָהן פערהאָפט... צפורה! שרעק מיך נישט מיט דײַנע שרעקליכע בליקען! (ער ציטערט)

**צפורה:** ציטערע שקלאַווע! מיך האָסטו געוואָלט שרעקען מיט דײַן שווערד. אָבער ניין! אַ קעניגין שרעקט נישט ווען



איהר שקלאַווע וויל זי ערמאָרדען! דײַנע הענד מוזען געלעהמט ווערען עהדער זיי בעוועגען זיך געגען דײַן קעניגין! קניע אַנידער שקלאַווע פאַר דײַן הערשערין! פאַל אויף דײַן פנים דו טיראַן! הער! איך בעפעהל עס! (ער פאַלט מעכאַניש אויף די קניע) אַזוי! קניע פאַר דײַן הערשערין, דו שקלאַווע! אַ רעכטפערטיגע קעניגין קאָן שטאַרבען, אָבער ציטערען, ניע אים לעבען!... (אָב צוריק אין שלאָס)

**חנון:** (נאָך אַ קליינע פויזע) איך קניע! איך, דער מעכטיגער קעניג — פאַר אַ שוואַכעס ווײַב! איך האָב געבראָכען מײַן קעניגליכען שטאָלץ! און דאָך האָט זי מיר פעראַכטעט, מיך צוריק געשטויסען! אָ! צופיעל! (ער שטעהט אויף וויטענד ציהט ווידער זײַן שווערד) צופיעל דו שוואַכעס ווײַב! מיט מײַן שווערד האָב איך מײַן טראָהן ערוואָרבען! אויף דער שווערד איז מײַן שטאָלץ, און פאַר דער שווערד מוז זיך אויך דײַן נאַרישער שטאָלץ בויגען! איך וועל דיך נויטען זאָלסט מײַן שקלאַווע ווערען! מיט מײַנע פיס וועל איך דיך טרעטען! איך וועל דיך לעהרנען ווי דעם קעניג צו רעספעקטירען! (ער לויפט אָב צאָרניג נאָך איהר אין שלאָס אַרײַן. שלמון און בן הדור איבער־געקליידעט אַלס פרינץ מיט אַ בערדעל, קומען אָן פון דער טיעף פון גאָרטען)

**שלמון:** מיט אַ דאָפּעלטע וואַך איז בעוואַכט דער שלאָס אַרום און אַרום. מען לאָזט קיין לעבעדיגען מענש צו איהר נישט צו! און דאָס פאָלק קאָן דאָס אַלץ אַזוי רוהיג צו זעהען!

**בן הדור:** אַלטער! ווען דו האָסט עטוואָס צו בעפעהלען דער קעניגין קאָנסטו עס דורך מיר בעזאָרגען. באַלד וועל איך זײַן בײַ איהר.

**שלמון:** און דו יונגער מאַן, קאָנסטו מיר פיליכט דערצעהלען וואָס דו האָסט דער קעניגין צו מעלדען? אָדער איז דאָס אַ געהיימניס?

**בן הדור:** קיין געהײַמניס! די גאַנצע וועלט מעג עס וויסען: איך וויל איהר זאָגען אַז דער פּרינץ בן הדור האָט געבעטען פאַר זײַן טויט, אַז זײַן מוטער זאָל הײַראַטען דעם קעניג הגון, און דער שליח בין איך.

**שלמון:** אונמעגליך! עס איז אַ ליגענד, דער עדלער פּרינץ וואָלט דאָס נישט זאָגען.

**בן הדור:** פערגעס נישט, אַלטער, מיך קאָן מען גלויבען, ווײַל איך אַליין בין דער מערדער פון פּרינץ.

**שלמון:** (ציהט זײַן דאָלך) דו ביסט דער מערדער פון מײַן... פון דעם פּרינץ! עלענדער! לענגער זאָלסטו נישט לעבען!

**בן הדור:** (כאַפּט איהם אָן די האַנד) איך בעקום דערפאַר דעם קעניגס טאָכטער צור פרוי.

**שלמון:** (צו זיך) לענגער קאָן איך מיר שוין נישט פערשטעהלען! (צו איהם רוהיגער) זאָג דעם טיראַן: אַז זײַן מיה איז אומזיסט! דען עס לעבט נאָך איינער וואָס וועט פון איהם ראַכע נעמען. איך בין נאָך גענוג יונג, געזונד, פול לעבען און לוסט! הער אויס געדינגענער מערדער און ציטערע צו זאַמען מיט דײַן הערן!

**בן הדור:** ווי איך זעה יונגער-אַלטער ליעבסטו זעהר דעם פּרינצען בן הדור. האָסטו איהם אויך פּערזענליך געקענט?

**שלמון:** איך האָב איהם געקענט. אָבער אַלס קליין קינד. מיט זײַן פאָטער האָב איך צוזאַמען געלעבט, צוזאַמען געליטען, און אַצינד וויין איך צוזאַמען מיט איהם איבער דעם אונשולדיגען פערגאָסענעם בלוט פון זײַן איינציג קינד (וויינט)

**בן הדור:** דײַנע טרערען אַלטער צו נעמען מיך. אַלטער! איך האָב דיר דײַן לעבען גערעטעט, און ווען דו וועסט מיך נישט פערראַטהען וועל איך דיר עטוואָס פערטרויען. זײַ וויסען אַז איך בין קיין מערדער נישט און... פּרינץ בן הדור לעבט!



**שלמון:** פּרינץ בן הדור לעבט! אך ווי גליקליך! און וואו איז ער?

**בן הדור:** נישט ווײַט פון דאַנעט און ווען דו ווילסט קאָן איך דיר איהם באַלד פאָרשטעלען.

**שלמון:** אָ ניין, ניין! בעהיטע גאָט! עהדער דאָ אויף דעם מערדערישען פּלאַץ, וויל איך איהם בעסער קיינמאָל נישט זעהען! דאָ איז געפעהרליך! מען זוכט זײַן טויט!

**בן הדור:** אָבער ווען ער איז שוין דאָ?

**שלמון:** בעט איך דיך: לויף געשווינד, בעשווער איהם ווי זײַן לעבען איז איהם ליעב, אַז ער זאָל ווי אַם שנעלסטען פון דאַנען פליהען! דען דאָ איז זײַן לעבען קיין איין אויגענבליק נישט זיכער!

**בן הדור:** ער ווייסט עס, אָבער ער לאַכט דערפון.

**שלמון:** פון וואַנען ווייסטו עס? (ער שרעקט)

**בן הדור:** (קוקט זיך אום) שרעק דיך נישט אַלטער! איך אַליין בין עס דער פּרינץ בן הדור.

**שלמון:** גאָט! זאָל דאָס וואַהר זײַן? זעה איך עס וואַכענד? ביסטו עס... מײַן... פּרינץ, מײַן קעניג! זעה דײַן פּאָט... דײַן פאָטערס פרײַנד קניעט פאַר דיר (ער קניעט)

**בן הדור:** (העבט איהם אויף און ציהט זײַן דאָלך) אָט דיזער דאָלך זאָל צײַט 24 שטונדען ראַכע נעמען פאַר מײַן ערמאָרדעטען פאָטער און פאַר מײַן בעליידיגטער מוטער!

**שלמון:** (אויפשטעהענד) דו ביסט אָבער נאָך צו יונג און צו שוואַך דאַצו.

**בן הדור:** איך בין יונג דאָס איז וואַהר, און אפשר אויך נישט אַזאַ גרויסער העלד, אָבער גענוג שטאַרק איז מײַן אַרעם ראַכע צו נעמען פון אַזאַ מערדער. און איך האָף אַז מײַן פאָטערס גייסט וועט מיר אויך בײַשטעהן... (עס הערט זיך טריט) יעמאַנד געהט, איך דאַרף מיך דאָ נישט ווײַזען. קום אַלטער לאָמיר אַוועק פון דאַנען! (ביידע אָב טיעף אין גאָרטען) עלמות און רחמה קומען אָן פון פּאַלאַץ.

עלמות: רחמהלע! איך שווער דיר ביי מיין אונגליקליך לעבען, אז איך וועל קיינעם נישט עס דערצעהלען. זאָג מיר קאָנסטו דעם מערדער פון פּרינץ בן הדור?

רחמה: איך קאָן דיר נאָר אַזוי פיעל זאָגען אַז דער מערדער פון דעם פּרינץ איז זעהר אַ נאָהנטער פריינד פון דיר. און דאָס איבעריגע דאַרפסטו אַליין פערשטעהן.

עלמות: איך פערשטעה ווען דו מיינסט... מיין פאָטער, אַך ווי עלענד און אונגליקליך איך בין (וויינט)

(חנון קומט צוריק פון שלאָס און בעמערקט ווי זי וויינט.)

חנון: וואָס איז דאָס? אַלעס פרעהט זיך איבער מיין זיעג! און דו מיין טאָכטער וויינסט?

עלמות: פערצייהע, פאָטער. דאָס זענען מיטליידס טרערען איך האָב גערעדט מיט דער געפאַנגענער קעניגין. זי בעט דיך זאָלסט איהר פערשוינען מיט דיין ליעבעס אַנטראַגע:

חנון: ניין! זי זאָל מעהר נישט שפּאָטען פון מיר, זי מוז זיך דאַצו ענטשליסען. זי מוז מיינע זיין.

עלמות: פאָטער! האָב מיטלייד! טהו עס מיר צו ליעב! אַזוי לאַנג ווי צפורה וויינט קאָן איך מיך נישט פרעהען.

חנון: און אַזוי רעד מיין טאָכטער! ניין! נישט קיין טאָכטער ביסטו מיינע! ניין!

עלמות: פאָטער!

חנון: שוויַיג! ווען דיין לעבען איז דיר ליעב זאָל איך אַזאָלכע טרערען מעהר נישט זעהן! ציטערען מוז יעצט אַלעס פאַר מיר! נישט קיין פאָטער בין איך דיר! זעלבסט־הערשער בין איך אין גאַנץ אַראַביען. אַלע מיינע פיינדע האָב איך בעזיעגט! דער איינציגער פיינד פאַר וועלכען איך האָב געשראָקען לעבט שוין אויך נישט! דער פּרינץ בן הדור איז טויט!

עלמות: איך ווייס, מען האָט איהם ערמאָרדעט! און אפשר נאָך מיין איינענער...



חנון: עלמות! צופיעל קלאָגסטו נאָך דעם פּרינצען! זאָג! האָסטו נישט געהאַט מיט איהם עפּעס געהיימע בעציהונגען? זאָג! איך וויל עס וויסען!

עלמות: יאָ! אָבער דער פּרינץ בן הדור איז שוין טויט. ער דאַרף שוין פאַר דיר נישט מורא האָבען! און איך — וואָס קאָנסטו מיר טהון? וואָס קאָנסטו מיר מעהר אונגליקליך מאַכען ווי איך בין? — זיי ווייסען אַז איך האָב געליעבט אַ פישער יונגע.

חנון: און ווער איז דער פישער יונג געוועזען?

עלמות: בן הדור פּרינץ פון אַראַביען.

חנון: (שליידערט זי אַוועק) שלאַנג! אַוועק פון מיינע אויגען! דו האָסט נישט די ווערט מיין טאָכטער צו זיין!

רחמה: (ביי זייטע) ער איז נישט ווערט אַזאַ טאָכטער צו האָבען!

חנון: (צו עלמות) ווען דיין לעבען איז דיר ליעב, זאָלסטו דער קעניגין צפורה קיין וואָרט דאַפון זאָגען ביז זי וועט נישט מיין זיין.

עלמות: די קעניגין ווייסט שוין! איך האָב איהר צוגעשוואָהרען, צו פערבלייבען אויף עוויג איהר טריַיע טאָכטער, און אַז איך וועל זי מיט אַלע מיינע קרעפטען שיצען פאַר יעדע אונגערעכטיגקייט... און אַז דו ווילסט קאָנסטו מיך טויטען!

חנון: יאָ, איך טויטע דיך (ער כאַפּט זי אָן) מיט מיינע אייגענע הענד וועל איך דיך דערוואַרגען!

רחמה: הילפע! הילפע! (שלמון קומט אַריין צו לויפען כאַפּט אָן חנון און שליידערט איהם אַוועק,)

שלמון: שטעה! אונמענש! הער גאָטעס שטימע! זי בעפעהלט: לא תרצח: דו זאָלסט נישט מאָרדען!

חנון: ווער האָט דיר דאָס רעכט געגעבען מיך צו וואָהרנען?

שלמון: דער, וועלכער האָט געהרגט דעם ברודער־מערדער קין! איה הבל אחיך? וואו איז דיין ברודער? דו מערדער!

איך הער זיין שטימע! איך הער דאס רוישען פון זיין אונשולדיג בלוט! (בליקט איהם שטארק אן)

**חנון:** מענש! ביזטו וואהנזיניג! וואס קוקסטו מיך אזוי שוידערליך אן! וואכע! וואכע! (עס קומען אן צו לויפען מיליטער)
פערטהיידיגט די עהרע פון אייער קעניג! (די מיליטעריסטען ווארפען זיך אויפ׳ן אלטען)

**עלמות:** (אויף די קניע) פאטער האב מיטלייד מיט זיין גרויעס האר!

**רחמה:** פערציידהע איהם קעניג! ער איז נישט מיט אלעמען!

**חנון:** (שטויסט אוועק עלמות) אוועק געה פון מיינע אויגען! ער איז א שפיאן! א פעררעטהער!

## כאר

אונזער גרויסען קעניג האט ער דא בעליידיגט
א דער שופט, א דער שופט!
ער האט פערדיענט דעם טויט יא!
מערדער איהם גערופען, מערדער איהם גערופען!
ציהט א יעדער זיין שווערד
שלאגט איהם יא! (4 מאל)
טויט איהם שנעלער. אויף דער שטעלע!

**שלמון:** לא תרצח! דו זאלסט נישט מארדען,
שרייט א שטימע פון דער ערד.
לא תגנוב: זאלסט נישט בעגנב׳נען.
גנבע נישט וואס דעם צווייטען געהערט.
לא תחמוד: זאלסט נישט גליסטען
דיין חבר׳ס ווייב. שטראפען וועט דיך גאט דערפאר
געטויטעט וועסטו ווערען.
דיין שטימע וועט קיינער נישט הערען
דו ביסט א מערדער! טיראן וואס דו ביסט!

**חנון:** פארט מיט איהם אין קערקער געשווינד!
א הערט נישט מיין טאכטער זי איז יא פאלש
פאלש זענען איהרע טרערען!



**שלמון:** איהר זאלט איהם נישט הערען,
דען א מערדער גלויבט נישט קיין טרערען.
האט מיטלייד מיט מיר אצינד!
דען ער וויל אזי יעצט גאר טויטען זיין אייגען, ליבעס קינד!

## בײדע

**חנון:** פאלש יא זענען איהרע טרערען
איהר זאלט זי קיינער נישט הערען

**שלמון:** אמת זענען איהרע טרערען
איהר זאלט איהם קיינער נישט הערען
(בן הדור קומט אן)

**חנון:** דא קומט דער וואהרער פרינץ!
ער זאל ענטשיידען צווישען אונז.

**עלמות:** פאטער! פאטער! מיר איזט ניכט גוט!

**בן הדור:** מיט פרישען מוטה, ליס אויף דאס בלוט.
זייט קיין קנעכט, פערטיידיגט אייער רעכט!
גאט האט בעשאפען שפיעז און שווערד:
דער מענש זאל נישט זיין קיין שקלאווע.
ווען זיין עהרע איז געשטערט,
זאל ער נאר קעמפפען פאר זיין ווערט,
ער זאל נישט דארפען זיין קיין קנעכט (2 מאל)
ביי יעדען זאל נאר פריעדען זיין

**שלמון:** נאר פארווערטס ער שפריכט צו מיין הערץ.

עלמות | חנון | שלמון:
קלינגען זאל ווער נאר קלינגען קאן
טראמפעטען שאלט, דראמעלט נאר אויך פלעטען
און זינגען ווער נאר זינגען קאן
יא שאלען זאלט איהר מיט טראמפעטען

## כאר

קינדער פארווערטס, יא נאר פארווערטס,
יא נאר מוטיג קעמפפען פאר אונזער לאנד
אלע האנד אום האנד,
פאר אונזער לאנד, פאר אונזער לאנד!

## ענדע 2 אקט

# דְרִיטֶער אַקְט

(די זעלבע דעקאָראַציע פון צווייטען אַקט) ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף הערט זיך טראָמעל-סיגנאַל, באַלד אויף דעם מאַרשירען אַריין עלמות פערקליידעט אַלס אַנפיהרער פון מיליטער, נאָך איהר רחמה אַלס אַטיוטאַנד און נאָך זיי מיליטעריסטען מאַרשירען אייניגע מאל אַרום דער ביהנע און געהען אָב אונטערן פּאַלאַץ.)

## כאָר

סאָלדאַטען זענען מיר,
פרעהליך גאָר אָהן אַ שיעור.
מאַרשירען איבעראַל,
ביים קאַנאָנען שאַל,
דאָס איז דאָך זעהר שען
די ערשטע מוז נאָר געהן
ביי דעם קאַנאָנען שאַל
מאַרשירען איבעראַל.

**עלמות:** (אונטער קאָליסען) אויף אויף צום קאַמפּף
פאַלען מוז דער לעווע פאַר אונזער מאַכט (ערשיינט)

## כאָר

גאַנצע טעג נאָר ערצילען
טאָג און נאַכט נאָר שיצען
זוען קאַנאָנען אונז בעגריסען
און די ביקסען שיסען
מענשען-בלוט רינט אין דער גאַס
סאָלדאַטען מאַכט קיין שפּאַס
צערשטערט, צערברעכט דעם פיינדעס מאַכט
מיט פיעל גלאַנץ און פּראַכט.

**עלמות:** איינס, צוויי, דריי פיער אַ פייער שוס
פאַלען זאָל דער פיינד פאַר אונזער מאַכט.



## עלמות אין כאר

מאַרשירט מיט קוראַזש
פעהלט קיין ציעל!
איינס צוויי, דריי,
מאַן ביי מאַן ביי'ם פלעטען שפּיעל.
ביים קאַנאָנען שאַל ציעלען איבעראַל! (מאַרשירען אָב).

**צרויה:** (קומט אַרויס פון פּאַלאַץ קוקט זיך אום איבעראַל) וואָס פאַר אַ ליאַרעם! מיין אונגליקליכע קעניגין איז נאָר וואָס איינגעשלאָפען. אַך די אונגליקליכע! זי קאָן קיין אויג נישט צו טהון. נישט זי עסט, נישט טרינקט, נישט שלאָפט, וואָס וועט נעבעך זיין פון איהר דער סוף! שוין איבער צעהן יאָהר אַז זי זיצט אַזוי דאָ געפאַנגען. טאַקע אין פּאַלעען, אָבער דאָך אַ געפענגעניס: אַז זי טהאָר אויף דער ליכטיגער שיין נישט אַרויס, און קיינער טהאָר צו איהר נישט אַריין קומען! שרעקליך מוז עס זיין צו זיצען געפאַנגען אין שענע סאַלאָנען! איך שטעל עס מיר פאָר, פונקט ווי מען זאָל אַניעדער שטעלען מיין לפידות'ן צווישען קרוגען וויין און טרינקען לאָ, אפילו אַ טראָפּען נישט. אַ שענעם פּנים האָט עס, ווי אַ קאַץ נעבען אַ שיסעל סמעטענע מיט אַ צו געבינדענעם פּיסקעל. קוק, גלאָץ מיט די אויגען אָבער אַ לעק טהון גאָר לאָ!.. אָדער... (עס הערט זיך טראָמעל סיגנאַל) אַ פּנים עס איז אַציינד 12 ביי נאַכט און מען געהט בייטען די וואַך פאַרן שלאָס, ווי בעהאַלט מען זיך דאָ ערגעץ! (בעהאַלט זיך אויפ'ן בוים לינקס) דאָ וועט מען מיך נישט בעמערקען! (עס קומען צוריק אָן, מאַרשירענד די וואַך מיט עלמות און רחמה אַלע שטעלען זיך אַרום טויער, רחמה און עלמות טרעטען פאָר נעהנטער)

**רחמה:** אַזאַ יאָהר אויף מיר וואָס פאַר אַלייב-גאַרדע מיר האָבען, אָבער צו וואָס האָסטו זיי אין מיטען דער נאַכט צונויף גערופען?

**עלמות:** דער פּאָטער איז אין אַ גרויס געפאַהר, איך ציטערע מען זאָל איהם די נאַכט נאָך איבערפאַלען און ערמאָרדען.

**רחמה:** עס איז דאָך דאָ זיין וואַך?

**עלמות:** איך קאָן עס קיינעם נישט פערטרויען. אַליין מוז איך וואַכען פאַר זיין שלאָף צימער. (צו דער וואַך) קומט מיט מיר! (מאַרשירען ווי פריהער און געהען אָב. רחמה בלייבט)

**רחמה:** רחמה'לע דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַריינלעגען, ווייל זי קאָן איהם נאָך אָב־בייסען. איך ווייס: זי געפינט זיך אַצינד צווישען צוויי פייערען. זאָל זי אויסזאָגען דעם פּאָטער, פערראַהט זי דעם געליבטען. וועט זי נישט אויסזאָגען, פערראַט זי דעם פּאָטער. מוז זי נעבעך שטעהן אין דער מיט, צווישען די צוויי פייערען און פון ביידע זייטען לעשען און טאָמער וועט עס נישט געהן וועט זי אַליין אויך פערברענט ווערען. און דאָס האָט זי אַלץ צו דאַנקען דער ליבע.. אָ! איך דאַנק דיר, גאָטעניו! איך בין דאָך שוין נישט קיין יונג מיידעלע. שוין אַריבער 16 יאָהר, קיין עין־הרע, קיין בעז אויג, און בין נאָך נישט פערליבט. און אַפילו מיין רחמיאליקעל. איז נאָר גלאַט אַזוי... דערווייל מוז מען זיך בעהאַלטען דאָ ערגעץ, און וויעדער זעהען וואָס דאָ וועט פאָרקומען. אַזוי ווי דאַמאַלס. איך בין טאַקע נאָך גאָר יונג, אָבער דאָך האָב איך ליעב אַלץ צו וויסען. עס איז אַ פערגניגען צו זעהען כאָטש וואָס יענער טהוט... (זי געהט צו צום בוים וואו צרויה איז בעהאַלטען. צרויה גיעט אַ קוויטש) אוי עפּעס אַ'נ'אַלטע קאַטשקע! לויפט צום צווייטען בוים און בעהאַלט זיך)

**לפידות:** (קומט פון אונטערן שלאָס שכור) אַריין געלאָזט דעם פישער־יונג צו דער קעניגין, און באַלד וועט זי מיט איהם אַרויס קומען אַהער... דאָרט האָט זי מורא אַ פּנים!... און גרעכט בנאמנות... אַ שענע קעניגין... אַ גראָבער פישער־יונג... אַ קשיה אויף אַ מעשה...



נאָר וואָס איז מיט'ן קעניג? לאָזט איהר אויף דער ליכטעגער שיין נישט אַרויס... קיינעם צו איהר נישט אַריין... ער איז אייפערזיכטיג... און גרעכט, בנאמנות שלי ווי איך בין אַ יוד דאַצו... שען ווי גאָלד... נישט צו גלייכען ווי מיין צרה!.. (צרויה קוויטשעט פון אונטערן בוים) אָ עפּעס אַ קאַטשקע! אָ! אויף רחמה־לען... וואָלט איך אויך זיין אייפערזיכטיג! אוי רחמהלע (רחמה קוקט אַפיר פון בוים: אַ קוקו) אָ אַ קו־קו־וואַקע דאָרט!.. אָבער וואָס מיינט ער מיט דעם פישער יונג? אפשר זי צווינגען? האַ... ווילסט נישט אַ קעניג טאָ האָסטו אַ גראָבען פישער יונג!... נו זיי אַ וואָהלע קעגען אַזאַ יונג!... וואָס? וויסט נישט! אַ טראַסק אין די צעהן... און קום חתונה האָבען... (ער גיעט אַ פאָר מיט דער האַנד מיט אַזאַ קראַפט אַז ער דרעהט זיך איבער און העבט זיך קוים אויף) מען מוז זיך דאָ ערגעץ בעהאַלטען און זעהען וואָס אַ גראָבער יונג טהוט... אַלץ האָב איך ליעב צו וויסען און הערען און זעהען און שווייגען...

(ער זוכט צו בעהאַלטען זיך וואו אין ביידע זייטען בומער הערט ער קוויטשען און קו־קו־ווען, ענדליך בעהאַלט ער זיך אונטערן טויבען שלאַג).

(עס קומט אָן צ־ורה מיט בן הדור פערשטעלט).

**צפורה:** זאָג מיר, יונגער העלד, ווער ביסטו?

**בן הדור:** אַ פריינד פון דיין זוהן.

**צפורה:** זיי מיר הערצליך ווילקאָמען. וואו האָסטו איהם געזעהן צום לעצטען מאָל?

**בן הדור:** ער האָט זיין נשמה אויסגעהויכט אויף מיינע הענד. איך בעזיץ זיין נשמה...

**צפורה:** דו האָסט זיין לעצטען זיפץ געהערט! און איך זיין טרייע מוטער האָב דאַצו נישט זוכה געווען! אָ זאָג מיר וואָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער?

**בן הדור:** זיינע לעצטע ווערטער זענען געוועזען: איל צו מיין מוטער, זאג איהר: שוין לאנג גענוג פליסען איהרע טרערען אין געפענגעניס. איהר שטארבענדער זוהן לאזט זי דארום בעטען זי זאל הייראטהען מיט דעם קעניג חנון אום עס זאל צוריק קעהרען רוהע און פרידען אין מיין ארעמען פאטער לאנד!

**צפורה:** וואס! איך זאל דעם צוויי־פאכיגען מערדער הייראטהען? דעם מערדער פון מיין מאן און מיין זוהן?! און דו זאגסט: אז דאס איז געוועהן זיינע לעצטע ווערטער? א דו עלענדער! אויך דו ביסט איינער פון חנון'ס איבער־געקויפטע!.. מערדער! געה! איך פעראכטע דיך מיט איהם צוזאמען! (זי וויל אבגעהן).

**בן הדור:** (פערשטעלט איהר דעם וועג) ערהאבענע קעניגין! (ער וויינט)

**צפורה:** וואס? דער קראקאדיל וויינט? מענשען! בין איך דען אזוי טיעף געזונקען אז מיינע שקלאווען זאלען פון מיר שפאטען!

**בן הדור:** איך שווער דיר ביי אלעם אז איך שפאט נישט!

**צפורה** (בעדענקענד) ניין? זאג זשע מיר ווער ביסטו?

**בן הדור:** איך בין דיין זוהן... דיין זוהנס פריינד! איך וועל דיר יעצט די וואהרהייט זאגען: דיין זוהן בן־הדור לעבט, אזוי וואהר ווי איך לעב.

**צפורה:** ער לעבט? מיין זוהן לעבט? און ווארום האסטו ערשט געזאגט אז ער איז טויט?

**בן הדור:** (צו זיך) גאט! גיעב מיר קראפט איך זאל מיך נישט פעררא־טהען! (צו איהר) בן הדור לעבט! ער וואלט יעצט פאר דיר געשטאנען ווען ער זאל נישט מורא האבען אז דיין מוטער־הערץ זאל נישט פאר פרייד לייד׳ען דאבייא! גלויב מיר קעניגין! דיין זוהן שטעהט פיעל נעהנטער צו דיר, ווי דו גלויבסט.



**צפורה:** איז עס וואהר? איל דיך יונגער־העלד! פליה! זאג איהם ער זאל זיך זאפארט ענטפערנען. וויל דער טיראן איז דורשטיג נאך זיין בלוט!

**בן הדור:** ער ווייסט עס, קעניגין! אבער ער לאכט פון איהם.

**צפורה:** יונגער מאן! דו אינטערעסירסט מיך! זאג מיר ווער ביסטו?

**בן הדור:** א פישער פון חבור. איך פערעהרע דיך קעניגין, ווי א'נ'אייגענע מוטער!

**צפורה:** איך בעשווער דיר נאך אמאל. זאג מיר: לעבט מיין זוהן?

**בן הדור:** איך שווער דיר ביי דעם אל חי וקים, אז אין א קורצע צייט וועסטו איהם האלטען אין דיינע ארעמעס! לעב־וואהל גרויסע קעניגין איך עמפפעהלע מיך.

**צפורה:** ווארט נאך איין אויגענבליק! ווען איך זעה דיך, דאכט זיך מיר אז מיין זוהן שטעהט פאר מיר! מיין הערץ איז ערפרעהט. דו האסט מיר פרישען מוטה געגעבען. מיט געדולד וועל איך מיינע ליידען ערטראגען! איך דאנק דיר יונגער עדלער מאן. זאג מיר, איך בעט דיך, וואס האט מיין לעבעדיגער זוהן בעפאהלען?

**בן הדור:** הערע קעניגין זיינע ווערטער. גראדע ווי ער זאל פאר דיר דא שטעהן: מוטער! (וויינט) — זאגט ער צו מיר וויינענד — גאטס וועג איז דונקעל אבער גערעכט. ווען גאט האט בעשלאסען דעם אונטערגאנג פון דער יודישער מלוכה אין אראביען, זאלען מיר אונטער געהען ווי די זון אין פולען גלאנץ! אזוי האט ער געזאגט און זיך שטארק צו וויינט.

**צפורה:** דערפאר אבער זאל איהם דער גרויסער גאט בענשען.

**בן הדור:** ווען דו, קעניגין, ווילסט דיין זוהן בענשען, שיק איהם די ברכה דורך מיר און איך וועל זי איהם איבער־

געבען וואָרט אום וואָרט. (קניעט) איך בין בערייט קעניגין דיין זעגען צו עמפפאַנגען.

**צפורה:** גאָט! מיינע ליידען זענען געהיילט! הער צו דאָס געבעט פון אַ מוטער: גרויסער גאָט פון ישראל! וואַך איבער מיין קינד, שיטץ זיין יוגענד, זיי זיין אַנפיהרער אין די גרעסטע געפאַהרען. רייך איהם דיין האַנד ווען ער פאַלט! און פיהר איהם צוריק אויף דעם טראָן פון זיין פאָטער! אָמן!

**בן הדור:** אָמן! (זי העבט איהם אויף) אויף מיין גאַנץ לעבען וועל איך קיין איינציג וואָרט פערגעסען.

**צפורה:** היינט וועל איך פון צייט 17 יאָהר אַהער די ערשטע נאַכט קענען רוהיג שלאָפען! גאָט! זאָל עס דיר בעלוינען! קום יונגער העלד! (ביידע אָב).

(רחמה צרויה און לפידות זינגען פון זייערע בעהעלטעניסע).

### לפידות:

קראַ קראַ! זאָל מען מיינען איך בין אַ וואָראָנע.

### צרויה:

איך שווער דאָס איז דער טרינקער, מיין מתנה...
קוואַ, קוואַ, זאָל מען מיינען אַז איך בין אַ זשאַבע.

### לפידות:

איך וואָלט געשוואָרען: עס איז מיין אַלטע שקראַבע...

### רחמה:

קו, קו! זאָל מען מיינען אַז איך בין אַ קוקאַווקע.



### לפידות:

דער קוקוק, זעהט איהר, ער געפעהלט מיר דוקא.
קראַ קראַ, קראַ קראַ ווער איז דאָרטען דאָ?

### צרויה:

קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ, קיינער איז נישטאָ!

### רחמה:

קו קו, קו קו.

### לפידות:

קראַ קראַ, קראַ קראַ.

### צרויה:

וואָס קראַקעסט דו אַלטער שכור?
וואָס איז דאָ געשעהן מיט דער קוקאַווקע זיס ווי צוקער?
איך וואָלט געוואָלט זי זעהען.

### לפידות:

וואָס קוואַקעסט דו אַלטע שווילע
ס'ווייסט מיין הערץ, איך שווער
די קוקאַווקע איז אַ וואָהלע
קומט זשע נאָר אַהער!

(אַלע געהען אַפיר)

### רחמה נאַכהער אלע דריי

נישט זיין אַ מענש נאָר זיין אַ קוקו
איז שוין באַלד כדאי
איך וואָלט געפלויגען ווי אַ פויגעל
גאָר פראַנק און פריי.

## צרויה און לפידות:

עֶר:
ניִשט זיין א מענש כאטש א ווראנע
איז כדאי
געגעבען וואלט איך אויף מיין שכור
א שפיי

זי:
ניִשט זיין א מענש כאטש א זשאבע
איז כדאי
וואלט איך געוועזען פון מיין צרה
פריי.

**אלע:** קו, קו!
קרא, קרא!
קווא, קווא!
דער פויגעל מיט זיין פליגעלע
דער שיכור מיט זיין קריגעלע
דער וואלקען, מיט זיין רויך
פליהען אלע אין דערהויך.
א יעדער וויל נאר וואנדערן
פון איין ארט צום אנדערן... (טאנצען)

(עס קומט אן חנון נאך איהם עלמות מיטען כאר פון לינקס טיעף פון גארטען. דאס מיליטער בלייבט שטעהן ארום טויער).

**עלמות:** פאטער! א גרויס געפאהר שוועבט איבער דיר! היטע דיך נאך דיזע נאכט! און איך האב מיך אליין פערקליידעט, אום דיך צו היטען...

**חנון:** נאריש קינד! חנון לאכט פון יעדע געפאהר. גלויבסטו אז איך בעזיץ א ווייבערישע נשמה אזוי ווי דו?

**לפידות:** מען רעד געשמאק, אז בן הדור לעבט.

**עלמות:** פאטער! מיר שטעלט זיך שלעכטעס פאר!

**חנון:** איך זאל שרעקען? איך, חנון, פאר א ניעדעריגען שקלאווע? א ניין! (ער לאזט זיך געהן אין שלאס)



**עלמות:** איך מוז מיר אנדערש ראטהען. (רופט) וואכע! אהער! (זיי קומען נעהנטער און שטעלען זיך אוים אויף דער ביהנע אונטער עלמות און רחמה). איהר וועט מיר העלפען, מיינע פריינד, דאס געפאהר צו פערהיטען פון ביידע זייטען.

**רחמה:** מיר וועלען קעמפפען ווי די העלדען! (עס קומען אן צפורה, און בן הדור פון שלאס קעגען איבער חנון, חנון בלייבט שטעהן).

**חנון:** קום נעהנטער, שקלאווע! זאג! ביסטו דער זעלבער פאר וועלכען דו האסט דיך אויסגעגעבען? דו שווייגסט?.. שופט! ציטערע ווען דו האסט מיך בעטראגען! (וויל איהם שטעכען)

**עלמות:** (שטעלט זיך אין דער מיט) האב מיטלייד! געדענק דיין שבועה!

**רחמה:** (שטויסט אוועק בן הדור'ן און שטעלט זיך נעבען עלמות) מיר וועלען איהם אבהיטען.

**חנון:** (צו צפורה) און דו שטאלצע קעניגין! האסטו דיר די זאך גוט איבערלעגט. עס איז די העכסטע צייט, דיין פערניכטונג זאל בעזיעגען דיין נארישען שטאלץ, און זאלסט שוין צו הערען די זיסע שטימע פון דער ליעבע!

**צפורה:** אומזיסט איז דיין בעמיהען. מיין ענטשלוס ווייסטו שוין!

**חנון:** ווילסטו דיך מיט געוואלט אונגליקליך מאכען?

**צפורה:** אים געגענטהייל! איך וויל עס נישט! און דאדורך וויל איך פון דיר נישט וויסען...

**חנון:** רייץ נישט אויף מיין גרים-צארען, שטאלצע צפורה!

**צפורה:** (שטאלץ) קעניגין! הייס איך פאר דיר!

**חנון:** (בעטענד) קעניגין! צפורה! נאך האסטו צייט צו רייכען מיר דיין האנד.

**צפורה:** וועמען? דעם מערדער פון מיין מאן? נימאלס!

**חנון:** איז דאס דיין פעסטער ענטשלוס?

**צפורה:** יא. און דו עוויגער גאט! שיטץ מיך פאר דעם טיראן!

**חנון:** (ערגעגט) צעהל דיך מיט דיינע ווערטער!

**צפורה:** איך צעהל זיי. און דו חנון הער! מיין פלוך זאל דיך

עוויג פערפאלגען! דיין וועג זאל שטענדיג מיט בלוט פערגאסען זיין! טויט און פערדערבען זאל זיין דיין האכציימס-פעסט! ביי דיינעם לעבען זאלסטו זעהען דאס גהינם! פערשאלטען זאלסטו זיין פון גאט און פון מענשען — הימעל און ערד זאלען דיך אויף אימער און עוויג פערפאלגען, און די נאטור זאל דיר בעצייכנען ווי קינ׳ען מיט׳ן נאמען: מערדער! טיראן!

**חנון:** (בעזו) שוויינ דו וואהנזיניגע! וואבע! טהוט אייער פליכט! שלעפט זי מיט געוואלט אין דעם האכציימס זאל! (די וואכע צמען איהר).

**צפורה:** האט מיטלייד, מיט א שוצלאזע פרוי! נאט נעם דו דיך אן פאר מיר! בן הדור! מיין זוהן! ווען דו זאלסט זעהען, וואס דער טיראן מאכט פון דיין מוטער!

**חנון:** (בעפעהלט) פיהרט זי אוועק!

**בן הדור:** (שטאלץ) האלט איין דיין צארען!

**חנון:** פאנגט איהם אויך!

**בן הדור:** מיך! שטארב דו מערדער! (ער וויל איהם שטעכען מיט זיין דאלך, עלמות פאלט אריין אין דער מיט).

**חנון:** מערדער! א טויזענד-פאכען טויט זאלסטו שטארבען! ביז דו וועסט בעקענען דאס געהיימנים!

**בן הדור:** עלענדער טיראן! איך פעראכטע דיך און דיינע דראהונגען! איך וויל מיך פאר דיר מעהר נישט פער-שטעהלען! (ער רייסט ארונטער זיין בערדעל) זעהסטו ווער איך בין? איך בין בן הדור דער פרינץ פון אראביען!

**צפורה:** (פאלט אויף בן הדור׳ן) מיין זוהן!

אומארמען זיך. חנון בלייבט שטעהן ערשראקען, רחמה כאפט ארום עלמות און נאך א פויזע וויזט אן חנון דער וואך און זיי רינגלען ארום צפורהן און בן הדורן.

פארהאנג.



# פירטער אקט

(עס שטעלט פאר א טראן זאל בעוואכט ארום מיט מיליטער. פון דער זייט לינקס א גרויס פאלק פערשטעלט ווי בעטלער. כאר זינגט: אין דער מיט זינגען טראגט מען אויין שלמון׳ען אויף דעם קעניגליכען טריאומף-וואגען ארום מיט פענער — חנון און די מיליטעריסטען לאכען).

## כאר.

מיר זענען בעטלער
און בעטלען ניט...
מיר זענען שלעפער
און שלעפען זיך ניט...
אויך בלינדע זענען מיר
אהן א שיעור,
און פיהרען מוז אונז תמיד
איינער פריהר (מען טראגט אריין שלמון אלם בעטלער)

## שלמון.

איך בין דער בעטלער-קעניג
און בעטעל גאר אהן א שיעור...
וויפיעל מען גיעבט מיר איז אלץ ווייניג,
וויל איך בין א קאליקע אויף אלע פיער...

## כאר.

מיר מארשירען און שפאצירען ארום די וועלט
און שפאצירען און קאסירען איין דאס קצבה געלד.

וואו עס איז אַ שמחה וויסען מיר באַלד ,
אָבער בעטלען שטיל אָהן אַ געוואַלד . . .

**חנון :** בראַוואַ מיינע געסט ! היינט זאָלט איהר ביי מיר בעקומען אַזוי פיעל צו פרעסען און צו טרינקען , אַז איהר זאָלט קענען דערנאָך אַ גאַנץ יאָהר אייערע מיילער פערשליסען .

**שלמון :** קאָן דער אַלטער בעטלער אויך וויסען וואָס פאַר אַ יום־טוב היינט איז ?

**חנון :** באַלד וועט די פראַגע פערענטפערט ווערען . . . ווי אַלט ביסטו ?

**שלמון :** אַלס בעטלער בין איך אַלט 17 יאָהר .

**חנון :** בראַוואָ ! ביסטו נאָך גאָר אַ יונגער־מאַן : 17 יאָהר אין 18־טען . גוט . בן שמונה־עשרה לחופה ! און היינט זאָלסטו הייראַטען . מיט אַ שענע יונגע דאַמע .

**שלמון :** דו לאַכסט פון בעטלער־קעניג ?

**חנון :** (איראָניש) אָ ניין ! איך לאַך נישט . באַלד וועסטו דיך איבערציינגען . וואַכע ! ברענגט אַריין די קעניגין צפורה . איך וויל זי פאָרשטעלען איהר קינפטיגען קעניג .

(איינינע פון דער וואַך אָב .

**שלמון :** מיט וואָס האָט זיך די אָרעמע קעניגין אַזוי פערזינדיגט ?

**חנון :** זי האָט מיך נישט געוואָלט הייראַטהען , זאָל זי דיך הייראַטהען !

(מען פיהרט אַריין צפורה'ן)

**צפורה :** עלענדער שופט ! נאָך וואַגסטו צו שפּאָטען פון דיין קעניגין !

**חנון :** צו שפּאָט און געלעכטער האָסט דו דיך אַליין געמאַכט . אָט פאַר דעם בעטלער שענק איך דיך אַוועק . הערונטער מיט דיין קעניגליכע קרוין ?

(ער וויל זי די קרוין אַרונטער נעמען) .

**צפורה :** האַלט ! מערדער ! צו דעם האָסטו קיין רעכט נישט ! דיזע קרוין , האָב איך בירושה פון מיין גאָטזעליגען מאַן ! ! !



**חנון :** און איך וועל זי דיר הערונטער רייסען !

העבט אָן אַרונטער רייסען שלמון כאַפּט איהם אָן)

**שלמון :** און איך וועל פון דיר דיין קאָפּ הערונטער רייסען !

**חנון :** ווער וואַגט דאָס ? !

(אין דעם מאָמענט דעמאַסקירען זיך אַלע בעטלער

**שלמון :** (שטאָלץ) איך , שלמון דער קעניג פון חבור !

(עס ווערד אַנ'אויפרודער חנון זיך אָברוקענד ציטערט)

**צפורה :** (פאַלט אויף שלמון) מיין שלמון ! מיין מאַן !

**חנון :** (זיך שטאַרקענד) נאָך זענט איהר אין מיין מאַכט ! דיין זוהן איז ביי מיר געפאַנגען , און מיט זיינעם לעבען וועט איהר עס בעצאָהלען . (ער וויל אָב געהן , בן הדור און עלמות קומען איהם אַקעגען)

**בן הדור :** אַ ליגענד ! דו וועסט עס מיט ד י י ן לעבען בעצאָהלען .

**שלמון :** רופט אַלע מיט מיר : האָך לעבע דער נייער קעניג בן הדור .

**רחמה :** און די נייע קעניגין עלמות !

(עלמות נעאַרעמט מיט בן הדור און שלמון מיט צפורה . געהען אויפ'ן טראָן . חנון רוקט זיך אָן דער זייט אויף דעם קומען אָנצולויפען לפידות און צרויה)

**לפידות :** זעהסטו צרויה ! האָב איך דיר געזאָגט : דער בעטלער איז קיין בעטלער נישט און דער פישער איז קיין פישער נישט . זעהסטו מיט מיינע פערשכורטע אויגען זעה איך בעסער ווי אַ ניכטערנער .

**צרויה :** אודאי ! וואָס ביי אַ ניכטערען אויף דער לונג איז ביי אַשכורען אויף דער צונג .

**עלמות :** (צו צפורה און שלמון) קעניגין מוטער ! קעניג פאָטער ! שענקט מיין פאָטער דאָס לעבען !

**שלמון :** איך שענק איהם ! גאָט זאָל איהם נאָר מוחל זיין .

**חנון :** איך אַליין בעט פערצייהונג פון די קעניגע און פון

גאַנצען פאָלק . און שרייַ האָך לעבע דער נייַער קעניג און די נייַע קעניגין !

**אלע:** האָך ! האָך ! דעם קעניג בן הדור און דער קעניגין עלמות !

כאר .

מיט פרישען מוטה
ליט אויף דאָס בלוט !
זייט קיינע קנעכט ;
פערטיידיגט אייער רעכט !

(און אזוי וויַטער ווי די ענדע פון צווייטען אקט)

## ענדע



# קאטאלאג פון נייע טעאטער ביכער

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אייביגע ליעד. | ארנשטיין | 12 | כישוף מאכערין (צוויבערין). | פון גאל |
| אוריאל אקאסטא. | פון לערנער | 25 | כל נדרי. | |
| אחשורוש. | פון גאלדפאדען | 20 | לא תחמוד. | פון גא־ד |
| אידישער פריץ. | פון שייקעוויץ | 20 | מירעלע אפ־ת. | פון י. |
| אלגעמיינער סטרייק. | פון ה. שטיפט | 15 | מישקע און מאשקא | |
| אמעריקאנער ארבייטער. | פון יעקב סער | 10 | (אדער די איראפייער אין א | |
| אסתר'קע. | פון עפעלבערג | 25 | מליץ יושר (רבי יאגעלמאן). | |
| אשה רעה. | | 25 | מעדעא. | פון גא |
| באבע מיט'ן איניקעל. | פון גאלדפאדען | 20 | משוגעים הויז. | פון ד. |
| בית דוד. | | 25 | משיח'ס צייטען. | פון |
| בן הדור. | הורוויץ | 25 | נאכ'ן שטרייק. | ג. |
| בלימעלע. | | 25 | עקדת יצחק. | |
| בר כוכבא. | פון גאלדפאדען | 25 | עתליהו. | |
| געברידער לוריע | פון י. גארדאן | | פאלשער משיח. | (דוד א |
| גאט מענש און טייפעל. | פון י. גארדאן | 50 | פאמיליע צבי. | פון ד. |
| דאקטאר אלמאסארא. | פון גאלדפארען | 20 | צוזייט און צו שפרייט. | פון שלום ע |
| דארא. | פון שיפענשטיין | 25 | צוויטער המן. | |
| דבורה'לע מיוחסת. | י. גארדאן | 20 | קאבצענזאהן און הונגערמאן. | גאלה |
| דוד אין דער וויסטע. | פון עפעלבערג | 20 | קוני לעמל. | |
| דוד'ס פידעלע. | | 25 | קאקעטקע דאמע. | שייקעוו |
| דער קאמפף. | פון ה. שטיפט | 15 | רעפעטיציע קאמעדיע אין צוויי אקטע | |
| הדסה די חלוצה. | | 25 | | פון א. |
| הערצעלע מיוחס. | | 25 | שולמית | פון גאלה |
| ווילדע פרינצעסען. | פון י. גארדאן | 30 | שוועסטער. | פון י. ל |
| וועבער. | | 30 | שלום בית. | |
| זשידאווקא. | פון לערנער | 25 | שלמה גארגל. | |
| חאשע די יתומה. | | 30 | שמענדריק. | פון גאלד |
| הינקע און פינקע. | | 20 | שפאנישע אינקוויזיציע. | |
| יהודית ואלפארנוס. | פון לערנער | 20 | שפרינצע די מעקלערין. | |
| יודען. | פון טשיריקאוו | 35 | | |

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| יעקב ביי לבן | | 10 | חפני ופנחס | |
| די וועבער, דראמע, | היפטמאן | 15 | משה חייט | |
| דער הונגער, דראמע, | יושקעוויטש | 25 | שרה שיינדיל | לא |
| חנוכה היסטארישע דראמע | לערנער | 25 | זשאן און מאדלענא | |
| מאמא דער געלד-גאט | לאטיינער | 25 | דער שדכן אפערעטא, | עפע |
| קעניג הורדוס | דר. לאנדא | 30 | סאפאה, | |
| יודישער קעניג ליער | י. גארדין | 20 | דוד'ל משורר | |
| די לעצטע חשמונאים | | 20 | דער נייער דור | |
| בן הדור | | 25 | | |

צו בעקומען אין בוכהאנדלונג:

Я. Лидскій, Варшава,. Налевки 36.

